# יאהר־בוך „פראגרעס".

## א זשורנאל

### פיר ליטעראטור, װיססענשאפט און קריטיק.

### ערשיינט יאהרליך.

רעדיגיערט דורך

**אברהם רייזען.**

פערלאג „פראגרעסס" װארשא.

**װארשא, תרס"ד.**

דרוק ש. ב. לאנדא, נאלעווקי 84

---

**Ежегодникъ „ПРОГРЕССЪ".**

Литературный сборникъ

под редакціей **Абраама Рейзена**

Издательство „ПРОГРЕССЪ" Варшава.

ВАРШАВА 1904.

Типографія Ш. Б. ЛАНДЕ, Налевки 34.

# אינהאלט.

# אינהאלט.





## ביילאגע.

### אין יענער צייט.

(ערצעהלונג)



### ליטעראַרישע אנאנסען.



# שלום אש

## דער זעלנער.

(א בילד).

פרייטיג אין דער פריה, ווען שרה רחל די שניידערין, איז ארוים מיט די חלות צו דער בעקערין, האט זי דערזעהען, ווי דער מארק איז פול מיט זעלנער. ביי נאכט איז עפעס פון הימעל א חיל אראב געפאלען, מיט אזוי פיעל פעקלעך, און אזעלכע קרימע היטליך מיט ביקסען און שווערדען — און דער געזונדער, געשמאקער ריח פון דזיעגאכטס געהט אויף און פילט אן די גאס, זשעגזע סטראשניק שטעהט און טענה'ט עפעס מיט זיי, — האט זי באלד פערשטאנען, אז דאס מיינט מען די זעלנער אויף די קווארטירען איינצושטעלען — האט זי זיך באלד גענעבען א דרעה אום מיט די חלות און צוריק אין שטיב אריין.

— מענדיל! אין בעט אריין! — האט די שניידערן געגעבען א געשרייה.

— וואס איז? פרעגט דער ערשראקענער מאן.

— זעלנער זענען געקומען, מען צושטעלט זיי אין די קווארטירען.

דער שניידער האט זיך אויסגעטהון, אריינטער געקראכען הינטער די שווערע דעק, וואס האט אין זיך געהאט אלע פעדערן, פון די אלע גענז, וואס די שניידערין פלעגט נור פון צייט איהר נאך חתונה שעכטען. זי האט דעם שניידער דעם קאפ מיט א טיכעל פערבונדען. און ער קרעכצט!

אליין האט זי זיך ביי'ם בעט אנידערגעשטעלט, און גענומען די הענד ברעכען;

— מיין מאַן, מיין ברויט־געבער! —

עס האָט זיך אין דער טהיר געוויזען זשעזנע סטראַזשניק, הינטער איהם האָט זיך נאָך געשלעפּט אַ זעלנער מיט אַ קעסטעלע.

— גוט מאָרגען, פּאַני קראַוויעץ — גיעט איהם אָב זשענשע דאָס זייניגע.

— גוט מאָרגען, גוט יאָהר, פּאַני זשענשע לעבען. זעה, אַ בראָך צו מיר, מיין מאַן, מיין ברויט־געבער, איז מיר ביי נאַכט אוועקגעפאַלען, וואָס טהוט מען? וואָס טהוט מען, ברעכט די יודענע די הענד.

— אוי, אוי, אוי, — קרעכצט דער שניידער הינטער די שווערע דעק.

— זשאַלקאָ, זשאַלקאָ, — ברומט זשעזנע, דרעהענדיג זיך איין וואָנצע — אָט האָט מיך, דער פּאַני נאַטשעלניק — געשיקט צו דיר, זאָלסט איהם קומען אַ מאָס נעמען אויף אַ פראַק. ביסט קראַנק — מוז איך מיר געהען צו קאַבאַנסקען. — זאָגט זשענזע, גריימענדיג זיך אַרויסגעהן.

— וואָס האָסט דו מיך קראַנק געמאַכט. — אַ בייזע נאַכט אויף מיינע שונאים'ס קעפּ — זאָגט דער שניידער, פּאַני זשענזע, פּאַני זשענזע — רופט דער שניידער פון בעט אַרויסקריכענדיג — —

— זשיד מאַשעניק — רופט זשענזע לאַכענדיג — (צום זעלנער): דאָ איז דיין קוואַרטיר — און זשענשע איז שוין נישט דאָ — — —

דער זעלנער נעמט זיך קאַלט־בליטיג זיין פּאַק, טראָגט עס זיך אין אַ ווינקעל אַריין — מאַכט זיך היימיש אין שטיבעל.

און ביי'ם טיש קריגט מען זיך איבער איהם — דער שניידער מיט די שניידערען, זי שילט איהם אַן, פאַר וואָס ער האָט זיך געלאָזט אָבגענאַרען, ער ענטפערט איהר מיט טויטע קללות — און דער זעלנער אין ווינקעל, ווי עס וואָלט גאָר נישט איבער איהם געווען — פּאַקט זיך אויס זיינע „וויעשצעס“ נעמט זיך אַרויס דאָס ראַזעוויע ברויט, צושניידט זיך צו שטיקלעך מיט דעם

קליינעם, זעלנערישען מעסער'ל — און דער זעלנערישער, דזיעגאבטם-געשמאק, טראָגט זיך איבער דער שטוב, און נעמט דאָס גאַנצע שטיבעל איין . . .

— ווי ער האָט זיך צוליינט, ווי ער האָט זיך צוליינט — ברומט די יודענע ביי דער קיך.

דער זעלנער טהוט זיך דאָס וויניגע.

— נעה, זאָג איהם, רופט די יודענע, נעטענדיג זיך האָלץ צו האקען.

— נעה, זאָג דו איהם, רופט דער שניידער, פון טישעל א הער —

דער זעלנער, זעהענדיג ווי די יודענע ארבעט ביי'ם שטיקעל האָלץ צוהאַקען, האָט זיין זעלנערישע גאַטיר עס נישט געקענט ליידען — און פאר לאַנגוויילינקייט הייבט ער זיך אויף, נעמט פון די שניידערינ'ם האַנד דאָס שטיק האָלץ, און צוהאַקט עס.

די שניידערין גיעט עס איהם אוועק, מיט א צוגעוואָרפענעם געבייזער, עס הייסט, ווילסט עס דוקא, נא דיר!

דער זעלנער נעמט די האַק און צוהאַקט, וואו נור א שטיקעל האָלץ, וואָס עס געפינט זיך אין שטוב, צוהאַקט ער — און זוכט נאָך — און די האַק איז ביי איהם נאָך גרייט אין דער האַנד נאָך צו צוהאַקען.

אז ער האָט דאָס האָלץ צוהאַקט, נעהט די שניידערין און שנייד אָב א שטיק ברויט און דערלאַנגט איהם מיט דעם פאָריגען, צוגעוואָרפענעם געבייזער. אז דער זעלנער האָט דאָס ברויט צוגענומען, נעמט ער זיך דאָס קענדיל, און פרעגט נישט, אויב עס איז יאָ דאָ וואַסער, אויב נישט — געהט נאָך וואַסער, ברענגט און גיסט אָן אַלע כלים, אַלע טעפּ, אַלע שאַפען, אַזוי ווי ער וואָלט זיי געוואָלט פערזאָרגען מיט וואַסער אויפ'ן גאַנצען לעבען, און די האַנד האַלט נאָך דאָס קענדיל, איז נאָך גרייט, וואַסער צוברענגען.

— די שניידערין זאָגט צום שניידער פון הינטערן קוימען

ארוים, פון וואנען זי איז בעשעפטיגט מיט'ן שבת־מאכען:

— ווייסט, גאר גישט קיין שלעכטער זעלנער.

— איך האב עס באלד געוואוסט — ענטפערט איהר דער שניידער — —

— ער האט עס באלד געוואוסט, זאגט די שניידערן מיט איראניע.

— אין דער שטוב, אהנע ווערטער, בעט מען זיך איבער איינער מיט'ן צווייטען — ביז דער זעלנער ווערט אין שטיבעל א גאנצער היימישער...

פרייטיג צו נאכט'ס. — די יורענע האט אין איהר שטיבעל שבת געמאכט. צוגערוימט, די וואכענדיגע מאשין, הינטען אויוען ארינטער געדוקט — אונ זי מיט א חלה־צוועליבעל (טישטוך) בעדעקט, — איבער דעם ברייטען, שניידערישען טיש א טיש־טוך פערשפרייט, מעשענע לייכטערלעך, חלות. דעם אויבען האט די יורענע פרייטיג צו נאכט'ס גוט אונטער געהייצט, אז עס זאל ווארים זיין א גאנצען שבת — דער אויבען האט גע־ברידט צווי איילין פון דערווייטען, אונ היים איז אין דער שטוב געווען, אז פון די שויבען האט אנגעהויבען טראפענס צו קאפען, אונ אין די טראפענס האבען זיך אבגעשפיגעלט די שבת־ליכט, וואס האבען געברענט אין א צווייטען פענסטער געגען איבער. אין דער שטוב האט אלעס מיט שבתגעשמעקט. דער שניידער איז פון דער חברה א היים געקומען, צום טיש זיך געזעצט אונ געגאנגען קידוש מאכען...

אין א ווינקעל זיצט דער זעלנער, ביי'ם זעלנערישען ראנעץ, אונ פאקט זיך איבער די זאכען, א פאר שטיוועל, הויזען, העמדער... נאדעל מיט פאדעם — דער נאך נעמט ער זיך ארוים דאס ראזעוואנע ברויט, נעמט א טעפעל וואסער אונ הייבט זיך אן צו עסען.

די אלטע זיצען ביי'ם טיש אונ עסען די שבת'דיגע פיש, מיט די שבת'דיגע חלה. אלץ איז אין דער שטוב שבת'דיג, נור דארט

ביי׳ם ווינקעל זיצט עפּיס דער דערוואַכענדיגער זעלנער, מיט׳ן דעם וואַכענדיגען זעלנער־ישען ברויט. די יודענע אַרט דאָס זעלנערישע ברויט, עפּעס אַ שטיק וואָכענדיגעס אין שבת׳דיגען — שנייט זי אָב אַ „מוציא" חלה — און איז איהם מכבד, לאָז דער זעלנער אויך טועם זיין פון דער שבת׳דיגער חלה. —

דער זעלנער נעמט עס צו גלייך גילטיג, און עסט זיך די חלה מיט דער זעלבער גלייך־גילטיגער מינע.

אָבגעגעסען, אָבגעבענטשט, רוימט די יודענע פון טיש אַראָב. עס קומט אריין אַ שכן, מיט אַ שכנט׳ע, יואָל שוסטער מיט׳ן ווייב, נאָך עפּיס אַ יודענע, מען זעצט זיך ביי׳ם טישעל. דאָס קליינע לעמפּעל אין דער שייהן, לייכט זיך שבת׳דיג, די ליכט צאַנקען אין די לייכטער און דער חלב־ריח שמעקט און שטינקט אין דעם חדר. דער שוסטער הייבט אָן צו פערציילען אַ מעשה, מען האָרכט איהם אויס — שרה רחל נעמט אַרויס פון אַ שערץ זוימען (סעמעשקעס) און שיט עס אויס אויפ׳ן טיש די געסט צו מכבד זיין, באַלד ווערט די פּאָדלאָגע פערפלייצט אין שאָלעכעץ. דער זעלנער זיצט אין ווינקעל, זעהט סעמעשקעס אויפ׳ן טיש הייבט זיך אויף און געהט צו צום טיש — שטעקט אויך די האַנד אַריין און נעמט זיך גלייך־גילטיג די סעמעשקעס — ווי עפּעס אַ שמעקטאַבעק — ווען דאָס טאַבאַק פּושקעלע איז אָפען, הייבט אָן מיט צוקנאַקען מיט די געסט — און פערשפּרייט שאָלעכץ מעהר פון זיי, דענסמאָל איז דער שניידער מיט דעם זעלנער מעהר היימישער געוואָרען, געהט ער צו צום זעלנער און קלאַפּט איהם אויפ׳ן ריקען:

— נו, בודיעט וואָינאַ? — פרעגט ער דעם זעלנער.

— בודיעט, בודיעט — מאַכט דער זעלנער מיט דער האַנד קנאַקענדיג די סעמעשקעס מיט׳ן מויל.

# דער פּראָפעט.

איך בין פּראָפעט, איך קען און זעה
דען מאָרגען ליכטיגער אלס היינט!
און טראָג די פאָהן פאַר גאָט'ס אַרמעע, —
עס ציטערט אשמדאי דער פיינד!

און גאָט'ס אַרמעע וואַקסט איבעראַל, —
עס רוישט די פאָהן, ס'געווער איז ביי!
איך געה' פאָראויס, בין פעלדמאַרשאַל,
איך פיהר דען קריעג מיט אשמדאי!

איך טרעט אין פלייש, איך טרעט אין בלוט, —
נישט וויסענדיג אין וואס איך טרעט —
איך האָב דען מאָרגענגלאַנץ אין אויג —
איך בין פעלדמאַרשאַל — פּראָפעט!

י. ל. פּרץ.

# דער לייב

וואס רוקט איהר אלץ די פלייש צו זיך
אונ שמייסט צו מיר די ביינער!
וואס דענקט איהר, וואס? א הונד בין איך,
א הונד מיט קהל'שע צייהנער?

א הונד, וואס לויפט ארום אין גאס
אונ נעבטיגט אויף די בריקלעך,
אונ ווען איהם פאלט א ביין צום שפאס
איז ער שוין איבערגליקליך?

א הונד, וואס לויפט ארום אין קיך,
אונ קריעגט דארט א קארטאפעל,
אונ לעקט דער פאר דעם ווירטה די שיך,
דער ווירטהין — די פאנטאפעל,

א, ציטערט דען איך בין א לייב,
ניט שפיעלט מיט מיר אין שפיצ'ליך,
ווען קוים דערלאנג איך מיר א הייב
צו רייס איך אייך אויף פיצלעך. —

מארדים ראזענפעלד.



# פון מיכה ו'.

עס ציטערען טהורמען און ווערען צעשטערט ,
עס וואקעלט זיך שכור די זינדיגע ערד.

און איהר אַ, צופריעדענע, רוהיגע לייט,
פערטאַנצט און פערהוליעט די ביטערע צייט!

און זעהט ניט וואָס ס'טהוט זיך, און ווייסט ניט וואָס שאַפט
איוף מאָרגען די רויהע, די אייזערנע קראַפט;

און ליעגט אייך בערוהיגט אויף בעטען פון ביין,
ערוואַכט נאָר צום פרעסען, צום זויפען דעם וויין.

אויך האַרפען, ווי דוד, פערשאַפט איהר אייך פיעל
די צייט צו פערטרייבען אין לוסטיגען שפיעל.

נאָר טאַנצען, נאָר הוליען, נאָר זויפען און פרעסען,
אין פרעמדען אין אייגענעם לעבען פערגעסען!

*

נישט צו שטראָפען אייך האָט
מיך געשיקט אונזער גאָט! —
אייך וועט טרעפען זיין שטראָף,
ווי אַ דונער אין שלאָף...
נאר בעפוילען מיך האָט
דער אלמעכטיגער גאָט:
אייך אין פנים צו שפייען,
אין די גאַסען צו שרייען:
אוי, איך האַס און פעראַכט
אייער לעבען און פראַכט!...

ה. ד. נאָמבערג.

* *

וואס וויל ער, דער רעגען? וואס קאפעט ער, וואס?
וואס רינט ער אהן אויפהער, וואס רינט ער אהן מאס?
ווער דארף איהם, ווער בעט איהם־און וואס איז זיין מיין?
ווי נארריש, ווי נארריש — איך קען נים פערשטעהן!

און וואס וויל ביי'ן פענסטער דער איינזאמער בוים,
וואס שטעהט ווי פערי'אוש'ט, וואס אטהעמט נור קוים,
צו וואס איז זיין תכלית ביי אונז דא געשטעלט?
וואס בליהט ער, וואס וועלקט ער ביי אונז אויף דער וועלט!

וואס ווילען די מענשען, וואס געהען אין גאס?
עס איז אזוי קאלט, אזוי פייכט, אזוי נאס!
וואהין, און צו וואס? און וואס שלעפט מען זיך אום?
ווי נאריש איז אלץ דא, ווי נארריש און דום!

*

* *

און הונדערט מאל דענקען, און טויזענד מאל קלערען —
דו וועסט פון דיין שכל קיין ענטפער דערהערען;
און הונדערטער, טויזענדער כסות זאלסט טרינקען —
דו וועסט אלץ דיין יאוש נים קענען דערטרינקען.
און רוהיגער אהן אויפהער, — די זארג וועט דיר בלייבען:
עס וועט זי דער רויך נים פערזאגען, פערטרייבען.
און טויזענדער פרויען — א סולטאנס א האַרעם —
דיין הארץ בלייבט אהן ליעבע און לעדיג דער אָרעם...
עס בלייבט נים קיין שטעל דעם שמערץ מאכען לינדער —
אוי, ארימע מענשען, פערשאלטענע קינדער!

אברהם רייזען

---

# שׁלִיכְטֶע וֶוערְטֶער וֶועגֶען צִיוֹנִיזְם
# אוּנ אוּנְזֶער פְּרֶעסֶע.

— אין וואָס בעשטעהט אונזער הילף? אויף דיעזער פראגע וועט א ציוניסט לאנג ניט לאָזען ווארטען מיט א ענטפער: עס איז דאָך בעוואוסט, אז מיר וועלען פטור ווערען פון אלע אונזערע צרות, ווען מיר וועלען האָבען א אייגען לאנד. אז מיר וועלען געווים בעקומען פיר אונז פאלעסטינא, וועגען דעם איז דאָך ניטאָ וואס צו רעדען. דער עיקר איז נאָר, אז די פרומע קלאסע, איבערהויפט די רבנים, זאָלען איינשטימען דאצו. דעריבער טאקע לייגען אונזערע ציוניסטען אוועק זייער גאנצער מיה אום צו צו חנפנ'ן זיך צו דער פרומער קלאסע מיט די רבנים אונ צו די חסידים מיט זייערע רביים. מיר ווילען דאָ ניט אריין געהן אין א דיספוט וועגען דעם, דאס ווען מען זאָל שוין זאָגאר אונטערשרייבען דעם „טשארטער", זענען מיר נאָך גאָר ניט פערזיכערט, דען אין א קורצע צייט ארום קען מען דאס גאנץ איינפאך מבטל זיין. וואס פיר א זיכערהייט עס האט אזעלכע סארטען אָבמאכונגען זעהען מיר, למשל, ביי באָסניא אונ הערצעגאָווינא, וואו עסטרייך האט עס געמאכט במעט פיר איהר אייגען לאנד; ביי רומעניען מיט אונזערע אידען, וועלכע ערהיהלט ניט קיין איין וואָרט פון דעם, וואס זי האט אונטער-געשריבען אויפ'ן בערלינער טראקטאט; פון טערקיי מיט די ארמעניער, וועלכע זאָגט אלע מאָל צו צו פערהיטען זיי, אונ דאָך מאכט זיך אָפט אויף זיי אָנפאלען פון די טערקען, וועלכע קוילענען אוים טויזענדער פאמיליעס אונ אין נאָך אנדערע ערטער, וואו די א מאָליגע אָב-

מאַכונגען ווערען געבראַכֿען אונ קיינער מישט זיך ניט אַריין אָנצונעמען זיך פֿיר די שוואַכֿע פֿעלקער. מיר ווילען דאָ נאָר בעטראַכֿטען, ווי וויט, עס איז ניט ריכֿטיג צו זאָגען, אַז די גאַנצע הילף איז נאָר אין אַ אָ פ י צ י ע ל איגען לאַנד. פֿון דער סטאַטיסטיק איבער דער עמיגראַציע פֿון פֿערשידענע לענדער נאָך אַמעריקא זעהען מיר דאָרט, אַז אין אַמעריקא פֿאָהרען ניט בלויז מיר אידען אַליין, נאָר דאָס גרעסטע טהייל פֿאָהרען מאַקע בירגער פֿון זייערע איגענע אָפֿיציעלע פֿאַטער לאָנדער, ווייל דאָרט האָבען זיי ניט קיין חיונה, זוכֿען זיי אַ מיטעל אויסגעלייזט צו ווערען פֿון דלות אונ פֿאָהרען דעריבער אַוועק אין אַ פֿ־עמד לאַנד אַריין, וועלכֿע ווערט, מיט דער צייט, זייערע אַ איגענ־לאַנד. אונ ווען פֿון רומעניע האָבען עמיגרירט אין פֿערשידענע לענדער (געוועהנליך איבערהויפּט אין אַמעריקא) אין די יאָהרען 1900־1־2 אידען — 31,615 האָט אין איין יאָהר 1899 עמיגרירט פֿון דער שעהנער ליעבער איטאַליען בלויז נאָך אַמעריקא 77,419 מאַן אמתע איטאַליענער. דען די הויפּט זאָרג איז פֿריהער די איגענע, אום צו קענען עקזיסטירען, נאָכֿהער קומען שוין די זייטיגע כּלל דאגות, דעריבער, ווען מען זיצט זאָגאַר אין אַ אָפֿיציעל איגען לאַנד, נאָר מען האָט דאָרט אָבער קיין איגען מיטעל צו עקזיסטירען, פֿאָהרט מען זוכֿען גליק אין דער פֿרעמד. וואָרים דאָס וואהנען אַליין אין אַ איגען לאַנד, איז נאָר אַ קליינער מיטעל צום עקזיסטענץ. די גאַליציאַנער בויערן וואהנען שוין אין אַ איגען לאַנד, דאָך ליידען זיי הונגער אונ נויטה אונ פֿאָהרען מאַססענ־וויז אין פֿרעמדע לענדער. אונ ווען אונזערע יודישע קאָלאניסטען מיט די פּועלים אין פּאַלעסטינע האָבען דערזעהן, אַז עס איז פֿיר זיי קיין צוועק ניטאָ דאָרט, האָבען זיי אָנגעהייבען גאַנץ איינפֿאַך צו פֿאָהרען צוריק אין גלות אריין, אַ געוויסע טהייל איז יאָ געבליעבען אין פּאַלעסטינא, נאָר אַ ראַנק די שטיצע פֿון זייערע ברידער, וועלכֿע געפֿינען זיך נאָך אין גלות... די דייטשען, ווידער, אין רוסלאַנד אונ פּולין לעבען גאַנץ גוט אונ דאָס האָבען זיי נאָר צו פֿערדאַנקען זייער הויכֿע

קולטור, זייער פראגרעס, דאן ווען מיר אידען זענען אין דער־ זעלבער צייט, ווען די דייטשען זענען אהער געקומען, געוועזען פערפינסטערט אין אבערגלויבען אונ פערנומען געוועזען מיט פלפול אדער חסידיזמוס.

געוועהנליך פערענטווערט מען אונזער אָרימען שטאנד דער־ מיט, וואס מיר זענען בערויבט איינינע רעכטע אונ מיר זיצען אויפגעדריקט נאר אין די 25 גובערניעס. אבער דאס איז ניט אין גאנצען ריכטיג אונ עס ווענדעט זיך ניט אן דעם זיצען איינג אדער צו שפריים.

אין איין לאנדאן געפינען זיך אזוי פיעל מענשען וויפיעל אידען עס איז דא אין גאנץ רוסלאנד, אין בערלין אזוי פיעל, וויפיעל אידען אין די 10 פוילישע גובערניעס. דאך לעבען די לאנדאנער אונ בערלינער פיעל בעסער פיר אונז יודען. ווען די דייטשען זענען געקומען נאך פוילין האבען זיי זיך געוואלט בעזעצען אין פלאצק, נאר דורך געוויסע פאליטישע אורזאכען, האט מען זיי ניט ערלויבט דארט זיך צו בעזעצען. דאך זענען זיי ביי זיך ניט אראפ געפאלען אונ האבען בעזעצט זיך אין דעם געוועזענעם דארף ל א ד ז, וועלכער האט זאגאר קיין טייך ניט געהאט אונ קיין וועג ניט. אונ דאך וואס פיר א גרויסע פארטשריט זיי האבען געמאכט ווייסט יעדער. אבוואהל די זעלבע אנטיסעמיטישע צייטונגען, וואס רעדען שלעכטס אויף אידען פערהאסען אויך די דייטשען. אבער ניט אין דעם בעשטעהט דאס גליק אדער אומגליק, וואס מען האט וועמען ליעב אדער פיינד. ווען די שנאה קומט נאר פון קנאה מאכט שוין ניט אוים! אזא שנאה וויל דאך יעדער מען זאל צו איהם האבען. מיר האבען געקענט איינעם, וועלכער אנשטאט „זרעינו וכספינו ירבה" פלעגט ער זאגען. „שונאינו וכספינו ירבה". מיר האבען די לעצטע צייט געלעזען אין דער אנטיסעמיטישער „ראלע" אנ'ארטיקעל, אין וועלכען מען בעקלאגט זיך אויף דעם, וואס שבת איז אין די לאדזער גאסען זעהר שטיל. נאכהער בעקלאגט זיך דערזעלבע שרייבער אויך אויף דעם, וואס אלע

לאָדזער פֿאַבריקען געפֿינען זיך אין די דייטשע הענד. איך אַלס איד, לעזענדיג דעם אַרטיקעל, האָב נאָר געהאַט צער בלויז דער פֿון, וואָס די בעשולדיגונג אויף אונז אידען איז נאָר פֿון אויבען ריכֿטיג, דען ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס שבת איז אין די לאָדזער יודישע גאַסען שטיל, איז דער מיטענוואָכֿענדיגער גערויש פֿון אונזערע אידען נעבאַך זעהר אָהן רעגען. מען לויפֿט טאַקע אונ מען רוישט, אָבער עס איז אַלץ נאָר לופֿטיגע געשעפֿטען, פֿון וועלכֿע מען לעבט זעהר אָרים, וואָס אַנבלאַנגט אָבער צו די דייטשען איז טאַקע זעהר ריכֿטיג, אַז זיי האָבען גרויסע פֿאַבריקען אונ די די דייטשע אַרבייטער פֿון די פֿאַבריקען לעבען פֿיעל בעסער ווי די טויזענדער רוישענדע אידישע לופֿט מענשען. אָך, פֿאַר וואָס, האָב איך דאַן נעקלעהרט, קען מען דאָס אונז אידען ניט בעשולדיגען, אַז מיר האָבען גרויסע פֿאַבריקען מיט פֿיעל טויזענדער יודישע אַרבייטער! דאַן וואָלט אונז גאָר ניט געאַרט ווען די אַנטיסעמיטישע צייטונגען וואָלטען דערפֿאַר בייז געוועזען אויף אונז, אַזוי ווי די דייטשען אַרט גאָר ניט, ווען די „ראָלע" אונ איהר גלייכֿען רעדען אויף זיי. אונ האָבען פֿיר פֿאָגראָמען קיין מורא ניט. די אַנטיסעמיטען אַליין וואָלטען אויך מיט אונז געהאַנדעלט אונ געקליידעט זיך מיט די סחורות, וואָס אונזערע יודישע פֿאַבריקען וואָלטען אויסגעאַרבייט. אָט זעהען מיר אין וואַרשא, וואו אַלע פֿאַבריקען פֿון וועש-זייף געפֿינען זיך בלויז ביי אידען אונ אַלע קרעמער פֿון זייף, צווישען וועלכֿע עס געפֿינען זיך געוועהנליך אויך אַנטיסעמיטען, קויפֿען זייף ביי די אידישע פֿאַבריקאַנטען אונ שטעלען נאַכֿהער אויף דעם זייער אייגענעם שטעמפּעל. דען אין מסחר ווכּט יעדער נאָר דעם נוטץ אָבער ניט צו פֿאָרשען ווער עס האָט דאָס געאַרבייט. לאָדז האָט אויפֿגעבליהט אונ רושזאַני (גראָד. גוב.) איז געפֿאַלען ניט צוליעב אַנטיסעמיטיזם, די הויפּט דייזענדער אונ קרעמער זענען דאָך אידען, נאָר דאַדורך, ווייל ווען רושזאַניער פֿאַבריקאַנטען האָבען זיך פֿערנומען מיט ישיבות,

האָבען די לאָדזער פֿאַבריקאַנטען געשיקט זייערע קינדער אין טעכנישע שוהלען אונ געגאַנגען פֿאָרווערטס גלייך מיט דער גאַנצער ענטוויקעלטער וועלט, געלעזען, אונ נאָך געפֿאָרשט וואָס זייער געשעפֿט פֿאָדערט בערבעסערונגען לויט דעם נייעם סיסטעם פֿון אינדוסטריא אונ האַנדעל. אונ ווען מיר אידען וואָלטען געווען ניט פֿערבראַכט אונזערע יונגע יאָהרען אין די ישיבות, נאָר אין די לעבעדיגע נוטצליכע וויסענשאַפֿטען וואָלטען מיר געווען געמאַכט פֿון ווילנא צו ווארשא א. ז. וו. אַזא פֿאַבריקאַט שטאָדט, ווי לאָדז. אונ מיר זעהען טאַקע היינט אויך, אַז די פֿון אונז, וועלכע האָבען זיך גענומען צו פֿאַבריקאַט, עקזיסטריען זעהר גוט אונ זיי פֿאַלט גאָר ניט איין צו עמיגרירען; זיי פֿאָהרען אמאָל אויך אין פאַלעסטינא, אָבער נאָר אַלס לוסט רייזע. וואָס אַנבעלאַנגט די אַרבייטער פֿון די פֿאַבריקען, האָבען מיר דאָך שוין געזאָגט, אַז זייער מאַטעריעלער שטאַנד איז וועניג אבהענגינג אָן דעם צו זיי געפֿינען זיך אין אַ אָפֿיציעל אייגען לאַנד*) צו ניט, נאָר איבערהויפט אין דעם קולטורנעם שטאַנד פֿון פֿאָלק, אונ ווי ווייט דאָס געברויך אין אַרבייטס קראַפֿט גלייבט ויך אוים מיט'ן פֿאָרשלאַג. אין ענגלאַנד אום ווינטער, ווען די דאָקען שטעהען ליידיג, געהען אַרום טויזענדער דאָקען אַרבייטער אונ בעטלען. פֿיעל אַרבייטער אויך פֿון אַנדערע פֿאַכען, אין וועלכע עס ווערט אַ געוויסע צייט אין יאָהר ניט געאַרבייט, בעקומען פֿון דער רעגירונג אַ פּאַפּיר, וועלכעס ערלויבט זיי צו געהן מאַסענווייז איבער די שטעדטלעך אונ דערפֿער צו בעטלען. געוועהנליך, ראָס רוב ענגלישע אַרבייטער לעבען פֿיעל

*) מיר רעכענען דאָ פֿיר נויטהיג נאָך אַ מאָל צו בעמערקען, אַז מיר געברויכען נאָר דעם טערמין „אייגען לאַנד" אויף פּאַלעסטינא, אום בעסער זיך אויסצודריקען, אָבער אין אמת'ן דאַרפֿען מיר אומעטום, וואו מיר געפֿינען זיך צו האַלטען דאָס לאַנד פֿיר אַ אייגען לאַנד, דען לויט דין, יושר אונ אין פֿיעל ערטער טאַקע אויך אויף'ן פּאַפּיר אונ אין דער טהאַט, זענען מיר גלייכע מחותּנים, צו דאָס לאַנד אונ פֿאַר דעם גערעכט ברויכען מיר זיך שטייף צו האַלטען אונ אין זיין נאָמען פֿערהיטען אונזערע אינטערעסען;

בעסער, ווי אונזערע יודישע קרעמער. אָבער דאָס איז נאָר דאַדורך, ווייל דאָס ענגלישע פאָלק איז שטאַרק קולטיווירט, האָט אַ גרויסע אינדוסטריע, אונ דער דאָרטיגער אַרבייטער איז שטאַרק ענטוויקעלט אונ זיין נויטהיגער געברויך פון לעבען איז אַ גרעסערער. אָבער דאָך זעהען מיר, אַז אויך דאָרט לײדען פיעל אמת'ן הונגער, וועלכער צווינגט זיי צו געהן בעטלען. אַלזאָ איז דאָך דער מצב פון פאָלק ניט אין דעם אָבהענגיגנג, צי מען האָט אַ אָפיציעל אייגען לאַנד, צו ניט. אונ דער ציוניזם, ווען ער וועט זיך שוין יאָ אַ מאָל אויספיהרען, ד. ה. ווען מיר וועלען שוין האָבען דאָס רעכט צו פאָהרען נאָך פאַלעסטינא אונ דאָרט בעזעצען זיך, וועט זעהר ווענוג פערבעסערען אונזער מאַטעריעל'ן שטאַנד; עס וועט דאָרט אויך זיין זעהר אַ קליינע צאָהל רייכע, אַביסעל בעלי־בתים אונ אַ סך אָרימע־לייט. קורץ, עס ענטשטעהט אונז פון דעם זעהר אַ קליינע מאַטעריעלע הילפע. יעצט לאָמיר זעהען, וואָס די ציוניסטען טהוען אויף דערווייל, געהענדיג צו דעם צוועק. לײדער בעמיהען זיי זיך ניט מיט דער איינער אַרבייט אַליין — בעקומען פאַלעסטינא. ד. ה. צו ווירקען וואו מען ברויך, דאָס מען זאל ערלויבען דאָרט אידען זיך צו בעזעצען אונ צו קלייבען דערווייל אַביסעל געלד, פיליײכט וועט עס זיין נויטהיג; נאָר זיי שטרייננגען אָן אַלע מיטלען אויף צו קריגען אַ הסכם ביי די פרומע קלאַסע, פונקט ווי אָן זייער הסכמה אַליין ווענדט זיך עס. דאַדורך חנפנ'ט מען זיך צו זיי אונ מען ציטערט אויסרעדען אַ וואָרט, וואָס וועט חלילה זיין געגען דעם ווילען פון אונזערע פאַנאַטקייער. די גאַנצע בריהישקייט פון אונזער היינטיגער פרעסע בעשטעהט נאָר אין דעם, וואָס זי זידעלט שטאַרק די אסימילאַטאָרען, וועלכע זענען שוין היינט כמעט גאָר נישטאָ. אָט זיי, זעהט איהר, איבערהויפט די דייטשע, פראַנצויזישע אונ ענגלישע אַסימילאַטאָרען, מאַכט ניט אויס, קען מען אין די העברעאישע אונ זשאַרגאָנישע ציטונגען זידלען, אָבער אַ חסיד, אַ מתנגד, אַ קנאי, — חלילה וחס! זיי ברויך מען צו דבּנ'ן, נאָכגעבען, פיליײכט וועלען זיי צו ליעב דעם גיבער

קיפּען אַ שקל אָדער חאָטש געבען אַ אומזיסטע הסכמה.

איבער דעם הייפּעלע בערלינער רעפאָרמירטע אידען, געפינט איהר אין „הצופה" כמעט יעדען טאָג אַ קאָרעספּאָדענציע. זאָגאַר אין זשאַרגאָנישען „יוד" פּלעגט פּ א ב י ו ם  ש א ך מאַכען פון זיי חוזק חזוקות. אָבער פון דער מאַלטשער, סלאָנימער, לאָמזער ישיבות א. ד. ג. וואו עס פערברענגען טויזענדער בחורים זייערע יונגע יאָהרען אין דער פינסטער, וואו מען ערלויבט זיי ניט אפילו צו לעזען אַ אידיש ביכל. פון דאָרט האָט מען מורא אַ וואָרט צו רעדען.

יעדער קאָרעספּאָדענט פון „פריינד" זאָגאַר פון דער קלענסטער שטעדטיל, האָט זיך געמאַכט אַ מאָדע צום ערשט אָנזידלען, ווייסט איהר וועמען? זיינע שטעדטילדיגע אסימילאַטאָרען. פרעגט: ווער זענען זיי דאָס דאָרט? ווייס ער אַליין ניט. עס איז דאָך שוין היינט אַזא מאָדע צו לאַכען פון אַ צילענדער. אָבער ניט פון אַ היטעל אונ מען מיינט דעריבער, אַז די גאַנצע חכמה שטעקט נאָר אין דעם קאָפּ פון אונטער אַ היטעל.

עס געפינט זיך אין פוילין 1½ מיליאָן אידען, פון וועלכע מינימום 95% ליגען אין דער פינסטער, אין ווילדען אַבערגלויבען, כמעט אין יעדער שטעדטיל געפינט זיך אַ גוטער איד — אונ דאָך הערט מען ניט, אַז ציימונג זאָל זיך ערלויבען צו שרייבען וועגען די אונגליקליך, פערפינסטערטע אידען, נאָר מען שיסט אין די עקסטרא געמאַכטע טשוטשעלעס פון „פולנים בני דת משה".

אין „פריינד" איז געוועזען סמאָלענסקינס ביאָגראַפיע, דער רעדאַקטאָר פון בעוואוסטען „השחר", וועלכער האָט מיט בלוט פון׳ם הארצען אימער געשריעבען איבער דעם פינסטערן אַבערגלויבען, געשטרייט מיט׳ן הסידיזם אונ נאַרישע מנהגים, מיט די איבעריגע דינים, וועלכע שטערען דעם מענשען אין לעבען, אונ אויך האָט ער געשטרייט מיט די דייטשע אסימילאַטאָרען, וועלכע זענען אין זיין צייט געוועזען שטאַרקער אונ מעהר ווי היינט. וואָס טהוט אָבער דער ביאָגראַף זיינער אין „פריינד"? מען מוז דאָך עפּעס דערמאָנען וועגען דעם, וואָס ער האָט גערעדט אויף חסידים

און עס איז דאָך אָבער פאָרט אַ מורא צו זאָגען דעם אמת פאַר די, וועלכע לעזען די ציימונג, פאַלט ער אויף איין איינפאַל און דערציילט פריהער אַ גאַנצע מעשה, ווי אַזוי סמאָלענסקין האָט זיך נאָר געקריגט מיט די דייטשע אסימילאַטאָרען, אַזוי אַז עס קומט אויס, לויט דעם ביאָגראַף׳ס רייד, אַז נאָר צו דעם צוועק האָט סמאָלענסקי געגרונדעט דעם „השחר", און אין מיט׳ן גיעט דער ביאָגראַף אַ זאָג: „מיר מוזען זאָגען אין קורצען (פאַר וואָס עפּים דאָס גראַדע אין קורצען?...) אַז סמאָלענסקין האָט שטענדיג מלחמה געהאַלטען מיט די רביים׳לעך און קרומע רוקענס, וועלכע זענען די געגנער פון אָמתער בילדונג". און באַלד צוריק חאַפּט ער זיך צו דער אינטעליגענץ. גלייכער פאַר׳ן פאָלק צו רעדען שלעכטס אויף דער אינטעליגענץ, עהדער אויף דער פינסטערער קלאַססע. זאָגאַר אונזער גרויסער פּרץ האָט שוין אָנגעהויבען צו שרייבען שאָוויניסטישע פעליטאָנען אין „הצפה" און ווען מען געהט זיך קריגען מיט „תושיה" און מיט דער „פאָלקס ציימונג", קריגט מען זיך ניט חלילה איבער געוויסע אידעען, גאָר איבער אייגענע פּריוואַט אינטערעסען. זאָגאַר די „פאָלקס ציימונג" אין איהר תשובה האָט אַלץ נאָר אָנגערירט פּריוואַט זאַכען. — ווען פרישמאַנען ווילט זיך אַביסעל צו קריגען מיט׳ן „המליץ", מיינט איהר קריגט ער זיך מיט איהם עפּעס איבער אַ אידעע? חלילה! גאָר ער זוכט אויס אַ עברה, פאַר וואָס דער רעדאַקטאָר פון „המליץ" מאַכט נאָך מאַנדעלקערנס קאָנקורדאַנציע, און פון גרויס היטץ שרייבט ער, אַז אַ קאָנקורדאַנציע איז איינס פון די נוצליכסטע און וויכטיגסטע ספרים אין דער וועלט!.. איהר האָט געהערט אַ מין שאָוויניזם, און אַ מין העזה צו האַלטען אַלע לעזער פיר אַזעלכע אונוויסענדע און וועלען זיי אויף אַזא שאָוויניסטישען אופן אָבנאַרען, דאַן ווען אויפצושטעלען אַ קאָנקורדאַנציע איז נישט קיין חכמה, נאָר אַ מלאכה.

אַ ריכטיגע אילוסטראַציע פון דעם, ווי אַזוי אונזערע ציוניסטען חנפנ׳ן זיך צו די רעאַקציאָנערן, גיט אונז דער קאָרעספּאָדענט פון וואָסחאָד אין דעם אַרטיקעל „מזרחי" (Вос. № 11. 1903.)

„פאָהרענדיג אין וואַגאָן אויפ'ן מינסקער קאָנגרעס, ערצעהלט דער
קאָרעספּאָרענט, האָט זיך אין דעם וואַגאָן געפונען אַ הייסער
חסיד, אַ געגנער פון ציוניזם און די רעשט רייזענדע ציוניסטען.
איין ציוניסט וועלכען האָט זיך שטאַרק געוואָלט צו ציהען צום
ציוניזם אָט דעם חסיד, האָט זיך געווענדעט צו איהם מיט די
ווערטער: הערט נאָר, איהר זענט אַ פרומער גאָטספאָרכטיגער איד,
גיט נאָר אַ קוק אויף זיך, צו דען איז דאָס פאות? (און זיין האַנד
האָט זיך אויפגעהויבען צו די פאות פון חסיד, וועלכע האָבען אויף
אַ גאַנצען ווערשאָק אַרויסגעשטעקט פון אונטערן היטעל)... און דעם
ארבע כנפות מיט די ציצית — האָט ער ווידער געזאָגט — ברויכט
מען צו זוכען ביי אייך אונטערן זשילעט. נו, זעהט, לעבען מיר נים
אין ביטערען גלות? ווען אָבער מיר וואָלטען אלע געוועזען אין
פאַלעסטינאַ, אין אונזער אייגען לאַנד, זאָגט, ווער וואָלט אייך
געשטערט צו טראָגען לאַנגע פאות ביז די פלייצעס, אזוי אַז איהר
זאָלט אייך קענען צובינדען דעם האלז מיט זיי. און די ציצית,
גאָטט מיינער, ווער וואָלט אייך אין דעם עפּעס בעשרענקט?"
קיין פירושים דאַרף דער פאַקט ניט האָבען. דער פראָסטער פשט
פון איהם ליעגט פון אויבען אויף...

ווייטער דערצעהלט אונז דער קאָרעספּאָרענט פון אַ אַסיפה
פון די פעטערבורגער מזרחים, וועלכע האָבען ערקלערט דעם
צוועק פון די מזרחים צו זיצען אויף די אספות אין היטלען*)
און איבערהויפט אָפּצוהיטען אַלע דינים, פאַר זיך זעלבסט
איז ערלויבט אַ מאָל אָפּצוטרעטען פון דין, אַבי קיינער זאָל
נאָר נישט זעהן... און אונזער פרעסע האָט גאַנץ ליעבליך
אויפגענומען אָט די מזרחיסטען, וועלכע האָבען זיך אזוי פער-
שטאַרקט ביי אונז, זעלטען, זעלטען, אַז מען רעדט שוין אַרויס
אַ וואָרט אַנטקעגען זיי, גיט מען זיך אַ כאַפּ צוריק מיט אַ חניפה.

---

*) אויף דער לעצטער "מזרחישע" אסיפה אין באַזעל האָט אויך דער
פאָרזיצענדער פון דער פאַרטייע וועלכען האָט אויפ'ן קאָנגרעס די גרעסטע צאָהל
דעלעגאַטען, דאָס זעלבע פערלאַנגט

זעהר ריכטיג האט בעמערקט דער זעלבער קארעספאנדענט, דאס אין דער צייט ווען אלע שטרעבען יעצט (געוועהנליך ניט די קישינעווער פאגראם-שציקעס אונ ניט די, וועלכע האבען מיטגעהאלפען צום פאגראם) צו געהן אלץ פארווערטס, סטארעט מען זיך, ליידער, ביי אונז אומצוקערן זיך צוריק צו דער אלטער צייט. אויף דעם קענען מיר צו געבען, אז אונזערע אידישע גוטע פריינד ארבייטען אין דעם גלייך מיט אונזערע שונאים, דען אונזערע פיינד מיט זייער שנאה צו אונז זענען נאר אויסען וואס מעהר צו פערשפרייטען אומעטום פינסטערניש, אונ אונזערע ציוניסטען אונ א געוויסע טהייל שרייבער קומען זיי צו הילף, פיליכט אליין ניט פיהלענדיג, אז זיי ארבייטען פאר איין צוועק מיט זיי...

**ז. יצחקי.**

# דִי נַאכְט.

דִי נַאכְט רוּקְט זִיךְ אָן, דִי נַאכְט רוּקְט זִיךְ אָן -
דִי אוּרַאלְטֶע, מְאוּסֶע נַאכְט;
אוּנ רוּהִיג אוּנ שְׁטִיל בֶּעהֶערְשְׁט זִי דֶעם טְרָאן
מִיט חֹשֶׁךְ אוּנ פִינְסְטֶערֶער מַאכְט.

אוּנ ס'דַאכְט זִיךְ זִי רֶעדְט: נוּ, זָאגְט אִיהְר אַלֵיין:
צִי אִיז דֶען נִיט בֶּעסֶער פַאר אַייךְ:
וִוי רוּהִיג אוּנ שְׁטִיל! קַיין פְרֵייד, קַיין גֶעוויין, —
עֶס שְׁלָאפֶען זִיךְ אָרִים אוּנ רַייךְ!

**א. רייזען**

# איציק׳ל ממזר.

ברוך־אליה׳ דער שמש שטעהט אין מיטען דער גרויסער שוהל אונ קלאָרט שוין געהן אהיים.

— נ־נו, אזאווירובע, — מורמעלט ער ברגז, אריינקוקענדיג אין פענסטער, כ׳וואָלט שוין גאר אהיים ניט געגאנגען, נאָר ס׳ציהט מיר זעהר דאָס הארץ...

ער טראַכט א ביסעל, נאָכדעם אָפּפּענט ער אויף דעם שופלאָד פון עמוד. צווישען „שמות“, שטיקליך פאפיער אונ שטיקלעך סטעארינאָווע ליכט וואלגערט זיך ארום אַנ׳אלטער, פער־זשאווערטער שלאָס. ברוך־אליה׳ נעהמט דעם שלאָס אין האנט, קריכט ארויף אויף א באנק אונ לעשט־אוים דעם לאָמפ, וואָס הענגט אנטקעגען דער הרובע. אין שוהל ווערדט פינסטער, נאָר אויפ׳ן הרובע ברענט א שטיקעל ליכט אין א גלאָז מיט בוימאָהל — דאָס איז א „יאָהר־צייט“. ברוך־אליה׳ איז אזוי פויל צו געהן אהיים, אז ער בלייבט אביסעל שטעהן אין דער הויך אויף דער באנק, מיט׳ן שלאָס אין איין האנט אונ מיט א גראָבען, אליין־געמאכטען פאפיראָס אין דער צווייטער. מאָדנע זעהט אוים זיין גאנץ געשטאלט אונטער דער טונקעלער בעלייכטונג פון יאָהר צייט־ליכט. לסוף באקלערט ער זיך, אז דאָ איז קיין אָרט ניט אויף נעכטיגען, געהט ער אראָפּ אונ עפענט די טהיר. אינ׳אייגעם מיט׳ן ווינט רייסט זיך אריין אין שול איציק׳ל ממזר.

— וואוהין פליהסטו? וואוהין?!, בייזערט זיך ברוך־אליה׳.

— ער איז שוין דאָ...

— וואו־דענן?!. אָנטוועָרט איציק׳ל אויך מיט א בייזער — אין דרויסען זאָל איך נעכטיגען. וואָס?...

— בקצור, נו, — ברומט ברוך־אליה׳, — נאַ ד׳ר דעם שלאָס, בעהאַלט איהם אין עמוד, פערשלים די טהיר פון אינווענינ, נאָר זאָלסט זיך ניט דער וועגען צו ברענגען קיין האָלץ אין הרובע, הערסט, ממזרוק?!.

איציק׳ל טהוט אַ פינקעל מיט די אויגען, נאָר ער ענטווערט גאָר ניט און פערשליסט נאָכ׳ן שמש די טהיר.

גוט געדענקענדיג ברוך־אליה׳ס וואָרטער, אַז ער זאָל זיך ניט דער־וועגען צו ברענגען קיין האָלץ, געהט טאַקע איציק׳ל באַלד הינטער דער הרובע, וואו אונטער אַ באַנק איז געווען אָנגעגרייט האָלץ אויף אין דער פריה, נעהמט עטליכע שייטליך, לייגט זיי אריין אין הרובע און צעלעגט אַ פייער. דער פלאַם הויבט באַלד אָן פרייהליך צו קנאַקען, דאָס טרוקענע האָלץ ברענט, ווי שטרויה. איציק׳ל נעמט־אַרויס פון קעשעניע עטליכע קאַרטאָפליעס, וועלכע ער האָט היינט מיט מסירת־נפש גע׳גנב׳עט ביי זעלדע שלומ׳ס אין קלייטעל, און לייגט זיי בראָטען.

---

— ווער איז איציקעל?

געפונען האָט מען איהם אונטער אַ פּלויט; פון דעמאָלט־אָן איז זיין מזל געוואָרען ווי דאָס מזל פון אַלע אַזאָלכע פערוואָגעלטע קינדער. אוים־געניאַנטשעט האָט איהם דער ווינט מיט׳ן שניי אום ווינטער און די ברענענדע זונן — זומער. איציק׳ל האָט פערזוכט פון אַלע גוטע מאַכלים, וואָס אָרעמע יודישע קינדער פערזוכען: דעם הקדש, די תלמוד־תורה, שלח־מנות טראָגען, הושענות פערקויפען און גלאַט בעטעל־ברוידט. „איציק׳ל" איז געווען נאָר אַ ביי־נאָמען, דער אמת׳ער, שטאַנדיגער נאָמען זיינער איז געווען ממזר. פון ווייסע־חברה האָט ער געליטען שרעקליך: זיי פלעגען איהם נאָכ־שרייען „ממזר" און אָנרופען מיט שענדליכע נאָמען זיין מוטער, וועלכע קיינער האָט ניט געקענט. זיי האָבען זיך אָבער פון

איהם אויך ניט גענאַרט: כאָטש ער איז אויפֿגעוואַקסען אונטער'ן פֿרייען הימעל, און אפשר דער פֿאַר טאַקע, איז ער געווען אַ יונג מיט ביינער, געזונד־אייזען, און חברה פֿלעגען פֿון איהם לייזען אַ סך מעהר, ווי זיי האָבען עס אליין פֿערלאַנגט.

אַלטערע מענשען האָבען זיך אויך צו געוואהנט צו דעם שיינעם נאָמען און פֿלעגען איהם אַנדערש ניט רופֿען, ווי „ממזרוק״ און אָפֿט ניט זשאַלעווען איהם קיין פאַטש; אַמאָל טאַקע איז ער ווערטה געווען, און אַמאָל האָט מען איהם געשענקט גלאַט אַזוי, פֿון פֿרייהליכקייט וועגען.

ער איז נאָך געווען אַשלי'מזל אויך אַ גרויסער, ס'האָט זיך צו איהם געקלעבט: אין דער שטוב האָט ער ניט ווילענדיג צעבראָכען אַ טאָפּעל, אין יענער — אומגער'ן אוים געקעהרט די פּאָמאָניצע; דאָרטען, וואַרפֿענדיג אַ שטיין, האָט ער אוים געזעצט אַ שויב. בכלל אָבער האָט זיך איהם געלעבט זעהר פֿרייהליך און מיט פֿערגעניגען.

די אַלע רדיפֿות האָבען אַלץ מעהרער און מעהרער זיין כאַראַקטער פֿערדאָרבען. ער איז געווען בייז, שלעכט, האַרט־הערציג, אומריין און זעהר ווילד, פֿערגראָבט. ער איז אפילו געווען אַשיינער יונג, נאָר דאָס האָט מען ניט ארויסגעזעהען פֿון אונטער זיינע טראַנטעס און זיין גאַנצען קויטהיגען אויסזעהען. צו אלע מעלות, איז ער נאָך געווען פֿויל, ביי איהם איז כדאַי געווען ניט עסען דריי טאָג, אַבי ניט טהון עפּעס אַנ'אַרבייט.

פֿריהער מיט אַ יאָהר צוויי־דריי, ווען איציק'ל איז אַלט געווען אַ יאָהר צעהן־עלף, פֿלעגט ער נאָך אַמאָל קריגען דאָ אַ וואַרעמעס, דאָרט אַ וועטשערע, אין אַ דריט אָרט אַ נאַכטלעגער; מ'האָט אויף איהם רחמנות געהאַט: פֿאָרט אַ יתום, כאָטש ס'קאָן אפילו זיין — אַ לעבעדיגער יתום, נאָר דאָך אַ יתום — נאָר זייט מ'האָט איהם דאָס לעצטע מאָל אָבגעגעבען צו אַ בעל־הבית, אַ בעקער, און ער איז פֿון איהם אויך אַנטלאָפֿען, האָבען אלע אָנגעהויבען זאָגען, אַז פֿון איהם וועט שוין קיין גוטס נישט אויסוואַכסען, אויף

אידם איז אָסור לרחם. און ער שניידט זיך נאָך אויף אַ גנב אויך צו אַלע שוואַרץ־יאָהר. ס'איז אויך קיין ליגענד ניט געווען, איציק'ל האָט ליעב געהאַט מיטנעמען מיט זיך אַלץ, וואָס אַ מענש קאָן נאָר דער־טראָגען. דערפאַר האָט מען איהם נאָך מעהר פיינד געקריגען, ווי פריהער, און פאַר איציקלען האָבען זיך אָנגעהויבען זעהר ביטערע טאָג. דער הונגער מאַטערט איהם כסדר, זעלטען מאַכט זיך, ער זאָל זיין זאַט. נאָכטיגען לאָזט מען איהם שוין אויך אין ערגעץ ניט אַריין, מ'האָט מורא, — וואַלגערט ער זיך אין שול אויף דער באַנק, און אַ מאָל מאַכט זיך, אַז ער נאָכטיגט אונטער'ן פרייען הימעל,

*

*   *

שטעהענדיג ביי'ם פייער אין שטופענדיג די קאַרטאָפיעלם אַלץ ווייטער, זיי זאָלען גיך פאַרטיג ווערען, האָט איציק'ל געפיהלט, אַז די וואַרמקייט צעגעהט זיך אין די ביינער און איז איהם ממש מחיה. אין בויך, אפילו, האָט איהם נאָך געגראַבעלט און אונטער'ן לאָפעלע האָט געצויגען, נאָר דער ריח פון די קאַרטאָפליעס, וועלכע האָבען זיך שוין אַביסעל צוגעבראָטען, האָט איהם בערוהיגט און צוגעזאָגט אַ סך...

ער האָט פערגעניגט געשאַרט מיט אַ שטעקעלע די קוילען און געקלערט וועגען חייקען, יענקיל דעם שענקערס שטיפ־מיידעל, און האָט אויף זיין שטייגער געבענקט נאָך איהר...

נאָר טריט האָבען זיינע זיסע געדאַנקען צעשטערט. ער האָט דערהערט, ווי עמיצער געהט אויף די טרעפ פון'ם שול־גאַנג, און באַלד האָט מען אַ קלאַפ־געטהון אין טהיר.

— ווער איז דאָרט? — האָט ער בייז אַ פראַג־געטהון. ער איז ברגז, וואָס מ'האָט איהם איבער געשלאָגען די אַנגענעהמע געדאַנקען.

— אָפּפֿען נאָר אויף, איצעל, איך בין שטארק דערפֿרוירען.

ער האָט דערקענט זיין ערגסטען שונא'ס קול. אהר'ל דער יתום פֿלעגט איהם דאָקוטשען מעהר, ווי אַלע יונגלעך, איהם שרייען „ממזר" אונ, — וועלעכֿס האָט נאָך מעהר דערלאנגט איצלען — זידלען מיט אַלערליי שאָנדליכֿע נאָמען זיין מאמען.

דער גאַנצער יחוס מיט אהר'לען איז געוועזען דאָס, וואָס זיינע עלטערן האָט מען יאָ געקענט: דער פֿאָטער איז געוועזען אַ בעל־עגלה, אַ שלעכֿטער מענש אונ אַ גרויסער עם־הארץ, אונ די מוטער האָט געהאַט אַ טבע נעהמען אונטער איהר שוטץ אלץ, וואָס מ'האָט גאָר אפילו בדעה גיט געהאַט איהר אוועק געבען מיט'ן גוטען ווילען. זיי זענען שוין ביידע גאַנץ לאַנג אויף דער אמת'ער וועלט.

אָט דער מיט רעכֿענט זיך אהר'ל מעהר מיוחס פֿון איצקלען אונ דערגעהט איהם אין לעבער. איצעל שלאָגט איהם אפילו אונערבאַרמלעך אונ אהר'ל זאָגט יעדעס מאָל צו, אַז ער וועט שוין מעהר ניט, נאָר קוים רייסט ער זיך אוים פֿון ענעמ'ס האַנד, טהוט ער דאָס זייניגע.

איציק'ל האָט דאָ אַ געלעגענהייט זיך נוקם זיין אין זיין בלוטיגען פֿיינד, אונ ער לאָזט זי ניט דורך.

— ליעג דאָרטען, ליעג — שרייט ער מיט ביז'פֿרייד, — ווער דאָרט, ווי אַ האָלץ פֿון קאָלט, וועסטו ווייטער ווייסען!..

— זעה, איצ'ל, לאָז מיך אַריין, מיר זענען אין די פֿינגער פֿערגאַנגען, — וויינט אהר'ל.

— וועסט שעלטען אין טאַטען אריין אונ שרייען „ממזר", הא?!.

— ניין, ווי איך בין אַ יוד, מעהר ניט!..

— מעהר ניט! איצטער שרייסטו „מעהר ניט" אונ נאָכֿדעם וועסט דו ווידער שרייען „ממזר? — ניין, דו'סט ביי מיר געדענקען!..

אהר'ל צעוויינט זיך שטאַרקער. איצ'ל זאָגט איהם, אַז אין אַ פֿיערטעל שעה אַרום וועט ער איהם אַריינלאָזען; וויל ער —

זאָל ער וואַרטען, וויל ער ניט — האָט ער די ברירה צו געהן וואוהין די אויגען וועלען איהם טראָגען... אַהר'ל האָט קיין ברירה ניט און מוז וואַרטען. דאָס פֿיערטעל שעה געהט־איבער, אהר'ל בעט זיך: „אָפּפּען שוין, נו", — און איציק'ל צעלאַכט זיך און זאָגט, אַז ער האָט נאָר געוואָלט, אַהר'ל זאָל אביסעל קווישען, ווי אַ הונט אונטער דער טהיר, און קלאָרט גאָר ניט אַריינלאָזען.

פֿונדעסטוועגען, אַז אַהר'ל לאָזט זיך מיט אַ חליפֿעריי אַוועק־געהן, לויפֿט איצ'ל צום טהיר, אָפּפּענט זי אויף און שרייט מיט כּעס:

— געה שוין אַריין, געה!... נאָר איך וועל דיר שוין ווייזען ווי צו שרייען „ממזר"... אַהר'ל לויפֿט מיט פֿערוויינטע אויגען גלייך צו די הרובע, טוליעט זיך צום פֿייער, און זיין פּנים פֿערקרימט זיך אַזש פֿון פֿערגעניגען.

איבער דער צייט האָט איצ'ל גאָר פֿערגעסען אין די קאַרטאָפֿליעס; איצט האָט ער זיך צו זיי אַ חאַפּ־געטהון: זיי זענען שוין רעכט צוגעברענט געוואָרען, נאָר ס'מאַכט ניט אויס — איצ'ל האָט ליעב די פֿערברענטע שאָלעכץ מעהר פֿון די קאַרטאָפֿליעס אַליין...

אין אַהרל'ס אויגען האָט זיך אָנגעצונדען אַ ווילד־פֿייעריל, קוקענדיג אויף די קאַרטאָפֿליעס, ווי ביי אַ הונגעריגען וואָלף, נאָר בעטען האָט ער מורא. איציקלען אָבער דאָקוטשעט אַהר'לס הונ־געריגער קוק. ער קוקט ניט אין יענעמ'ס זייט, נעהמט־אַרויס די קאַרטאָפֿליעס, אַ חוץ איינער, שוין אינגאַנצען פֿערברענטער, — צעליינט זיי אויף דער באַנק, נעהמט־אַרויס פֿון קליין אויוועלע זאַלץ אין אַ פֿעדזשאַווערטער בלעכענער קוואָרט, וועלכע איז דאָרט שטאַנדיג געשטאַנען, און הויבט־אָן עסען.

דער ריח פֿון די געבראָטענע קאַרטאָפֿליעס קריכט־אַריין אַהרל'ן אין נאָז, און ער פֿיהלט, אַז איהם רייסט שרעקליך אין די קושקעס און די סלינע געהט איהם איבער. ער קאָן שוין מעהר ניט אויסהאַלטען.

— גיעב מיר אויך — שטעקט ער אוים די האנט און זיינע אויגען פינקלען מיט אַ־נ־אונהיימליך פייער.

איציקלען איז נאָר ניט אָנגעשטאַנען דער ערשטער זיך ווענדען צו אהר׳לען; איהם איז שוין לאַנג דאָס עסען ניט איינגענאַנגען, און ער איז, ווי צופריעדען געווען, וואָס ער קאָן איהם איצט געבען.

— נא, וואַרג זיך! אין די אויגען קוקט ער... חזיר!..

אהר׳ל חאַפּט די צוויי קאַרטאָפּליעס, וואָס איצ׳ל גיט איהם, ברעכט־אָב אַ שטיקעל און רוקט אין מויל אריין. ער בריהט זיך אָפּ, וואַרפט־ארום מיט׳ן צונג דאָס שטיקעל קאַרטאָפּליע אין מויל פון איין אָרט אויף דעם צווייטען, מאַכענדיג: „האַם־האַם־האַם".

דאָס יאָהרצייט־לאָמפּעל בעלייכט טונקעל די צוויי יונגליך, פערטראָגענע אין דער אכילה. איבער׳ן שול פערשפרייט זיך אַ געשמאַקער ריח.

אין אַ שעה ארום האָט זיך געהערט איבער׳ן שוהל אַ שטאַרקער חראַפּען פון די צוויי פערוואָגעלטע נפשות.
דרויסען האָט דער פראָסט געקנאַקט...

**ל. שפּירָא**

# בַּיי'ן טַייכֶעל.

מִיר הָאט זִיךְ גֶעחָלוּמְ'ט: אַ טַייכֶעל אַ שֶׁעהנֶעם,
ווָאס הָאט זִיךְ גֶעווִיעגְט אִין דִי בְּרֶעגֶען.
אַרוּם אִיז אַ פְרֶעהלִיכֶער טָאג דַאן גֶעוֶועזֶען,
אוּנ אִיךְ בִּין בַּיי'ם טַייכֶעל גֶעלֶעגֶען.

גֶעלֶעגֶען, גֶעקוּקְט אִין דֶעם זִילְבֶּערְנֶעם וַואסֶער,
דָארְט הָאט זִיךְ דֶער הִימֶעל גֶעשְׁפִּיגֶעלְט;
דָארְט אִיז אוֹיךְ דֶער אָבְּשְׁלַאג פוּן פֵיגֶעל גֶעוֶועזֶען,
ווָאס הָאבֶּען אִין לוּפְטֶען גֶעפְלִיגֶעלְט.

ס'הָאט זִיךְ דָאס טַייכֶעל קָאקֶעטִישׁ גֶעוָוארְפֶען,
אוּנ קִינְצְלִיכֶע וֶועלֶען גֶעווּאוּנֶען.
בַּיי מִיר אִיז דֶער לַאנְגֶער פֶערְזֶעסֶענֶער אוּמֶעט
אַרוּים אוּנ פֶערְשְׁווִינְדֶען, צוּרוּנֶען...

נוּר פְלוּצְלִינְג מִיט לַאנְגְזַאמֶע טְרִיט אִיז גֶעקוּמֶען
אַ וֶועשֶׁערִין, קְרַאנְק אוּנ גֶעבּוֹיגֶען;
עֶס הָאבֶּען פֶערְצְוֵוייפֶעלְט גֶעקוּקְט אִין דָאס וַואסֶער
צְוֵויי מַאטֶע, פֶערְלָאשֶׁענֶע אוֹיגֶען.

זִי הָאט זִיךְ צוּם טַייכֶעל גֶעשְׁטֶעלְט אוּנ מִיט וֶועהטִיג
דִי אַלְטְווַארְג דָארְט וַואשֶׁען גֶענוּמֶען...
עֶס זֶענֶען דִי וֶועלֶען פֶערְשֶׁעמְטֶע גֶעבְּלִיעבֶּען
אוּנ וַוייט מִיט אַ טְרוֹיעֶר פֶערְשְׁווּאוּמֶען...

דוד קאסעל.



# אין ווינד.

---

די נאַכט איז געווען פינסטער, נישט קיין רוהיג פינסטערניש, וואָס הענגט איבערן הימעל און איבער דער ערד, און טוליעט זיך אין זיך זעלבסט, און טרויערט און שווייגט... ניין, דאָס פינסטערניש איז געהאָנגען אין דער לופטען, עטוואָס א זאָלכעס, וואָס מען האָט עס געזעהן און נישט געוואוסט וואָס דאָס איז. מען האָט געפיהלט עטוואָס מעכטיגעס און ריזענדעס הענגט, און נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָס איז אַזאָלכעס. וואָרים געהאָנגען האָט דאָס פינסטערניש אין דער הויך און האָט די וועלט, הימעל אין ערד, גאָט און זיך אַליין געשראָקען.

שטיל איז נאָך געווען אַרום, שטיל איבער די גאַנצע וועלט, קיין ריהר, קיין שפור. אָבער ניט פון יענס שטיל־שווייגען, וואָס רוהיג איז אַלעס, גאָט אין הימעל, די וועלט אויף ד'ערד — אוים, עס איז קיין וועלט, קיין הימעל, קיין שפיר נישט דאָ... ניין, אַ מעכטיגעס שטיל שווייגען: עס קומט עטוואָס, און מען וואַרט אויף עטוואָס, און דאָס שטיל שווייגען איז אַ איינגעהאַלטענער דונער: וואַרט! און עס פערציטערט דאָס שטיל שווייגען, גאָט אין הימעל, די וועלט אויף ד'רעד און זיך אַליין.

דענסמאָל האָט אין דער שטיל אַ ווינד איבער דער וועלט דורך־שפאַצירט. נישט פון יענע ווינדען, וואָס ווילען גאָר נישט, נאָר עס בעווייגט זיך און די גאַנצע וועלט. ניין, רוהיג איז ער צוערשט געוואָרען, דער ווינד, און האָט די וועלט ביי איהרע פיער זייטען אָנגענומען און איז וויטהענדיג דורך איהר לופט דורך געגאַנגען. מיט יענעם רוהיגען און שרעקליכען ברום פון איין־נענדליכער קראַפט, וואָס קומט אויף עפּעס שוואַכעס, און עס

געפינט נישט עטוואָס מוטיגעס, וואָס ער זאָל זיין שטאַרקייט קענען ארוים ווייזען. אונ אָנגענומען האָט ער די וועלט ביי אירע פיער זייטען אונ איהר איין טרייסעל געגעבען אונ אוים דער האַנד אוועק געוואָרפען: זי איז צו שוואַך, צו קליין אין איהר ויינע נעגעל איינ־צושטעקען.

אונ די ביימער האָבען זיך אַלע מיט איינמאָל אַוואָרף געגעבען; איין פאַליע פון אַים בלעטער אין אַריין אין די צווייטע אונ עס האָט איין שאָמער, איין רויש געגעבען, נור אַזוי שרעקליך אונ צעטערענדיג, אַזוי, אַז די וועלט האָט איהר שוואַכהייט אונ איהר קליינקייט דורך דעם ביטערן קרעכץ אַרוים געגעבען.

אונ מיט אַ ריזענדען געלעכטער איז דער ווינד אויפן הימעל אַרויף אונ אויבען זיין מעכטיגקייט געוויען.

פאַנען הימלען האָט ער געוואָרפען... די ריזיגע נאַכט האָט ער געשפּאָלטען אונ דאָס מעכטיגע שטיל שווייגען האָט ער דערציטערט, אונ געחאַפּט האָט ער איין שטיק נאַכט אין די צווייטע אַריין געוואָרפען. אַ מינוט האָט זיך דער בעדעקטער טאָג געוויזען. עס האָט זיך אַ ליכטיגע הוואַליע וואַסער פון אַ ליכטיגען ים אין דעם שוואַרצען נאַכט־ים זיך אַריינגעגאָסען, נור באַלד איז זי צווישען די פינסטערע הוואַלעס פערטרינקען געוואָרען. אונ אָנגענומען האָט ער די נאַכט ביים רוקען אונ אויף אַ מינוט האָט ער זי פון הימעל אָבגעשיידט אונ דער פערפאַלענער וועלט דעם טאָג געוויזען, אונ באַלד האָט ער איהם ווייטער מיט דער נאַכט פערשטעלט. אַ מינוט האָט ער טאָג אַ מינוט נאַכט געמאַכט. אַח, דאָ האָט ער געמוזט צוויי שטיקער הימלען ביי ביידע הענד נעמען אונ איינס מיט דעם צווייטען קלאַפּען, די וועלט צו פערטויבען מיט זייער גערויש.

אַח, דאָס האָט ער געמוזט דעם כסא הכבוד צערברעכען אונ די צערבראָכענע „כסא הכבוד'ס" אין די נאַכט וואַרפען. הוואַליעס פייער האָבען אויף אַ מינוט אין דעם פינסטערען נאַכט־ים זיך

אנגעיינדרען. אָח, צו האָט ער דאָ נישט די גרעסטע קראַפט פון הימלען געוואָרפען אונ דאָס האָט אזוי אימה'דיג געשמעטערט? אונ דער דונער האָט אַ מינוט איבער אונזערע ערד געבלאָנדזשעט, געבלאָנדזשעט, געדרייעט זיך, געזוכט, וואו זאָל ער זיין עכאָ אבשלאָגען?

אין דער דאָזיגער נאַכט איז איינער אויף דער איימה'דיגער ערד געשטאַנען, אונ דער נאַכט אונ דאָס שטיל שווייגען אין „די אויגען" געקוקט.

געשטאַנען איז ער אויף דער אימה'דיגער ערד, אונ געזעהען האָט ער, ווי דער ווינד רעגירט אין הימעל, שפּאַלט דעם הימעל, צערברעכט דעם כסא הכבוד, אונ וואַרפט איהם די מינוט פון הימעל אַראָב; אונ געקוקט האָט ער דעם ווינד אין די אויגען אַריין...

אונ דאָס איז געווען אַ מענש.

אונ דער מענש בין איך.

שלום אש.



# בַּיי׳ם בְּרֶעג.

נִידֶערִיג לָאזְט זִיךְ דִיא זוּנְן שׁוֹין אַרָאבּ –
אִין שְׁטֶעדְטִיל אִיז רוּהִיג אוּנ שְׁטִיל ;
מֶען בַּאוֶוענְט אִין מִנְיָן מִנְחָה בַּאלְד אָבּ –
גֶעבְּלִיעבֶּען צוּ רוּהֶען נִיט פִיעל...

עֶס גֵייֶען דִיא מַאנְסְבִּיל גֶעלַאסֶען אַרוֹיס,
דִי אִינְגֶעלַאךְ לוֹיפֶען זֵיי נָאךְ ;
יוּנְגְוַוארְנ פֶערְפּוּצְטֶע שְׁפַּאצִירֶען זִיךְ אוֹים
אַ מָאל פַּאר אַנַאנְצִינֶקער וָואךְ...

עֶס זָאגְט שׁוֹין דֶער טַאטֶע דֶעם „אַשְׁרֵי" מִיט הָארְץ,
עֶס הֶערְט צוּ דִיא מַאמֶע אָהְן רֵייד...
עֶס וֶוערְט אַלְץ דֶער שָׁאטֶען גֶעדִיכְטֶער אוּנ שְׁוַוארְץ – – –
דֶער הֵיילִיגֶער שַׁבָּת פַּארְגֶעהט...

מ. ברכהן

# די פיער אֲבָנִים־טוֹבוֹת.

(פאנטאזיע)

## פון י. ל. פרץ.

א מאָל האָט מען אין הימעל אַזוי אויסגערופען:

— לאָמיר בעשאַפען אַ יודישען דיכטער.

און די מלאכים האָבען זיך זעהר דערפרעהט און דער מלאך, וואָס איז געזעצט דעריאיבער, איז פלינק געפלויגען צו׳ם אוצר הנשמות, האָט אויסגעקליעבען אַ נשמהלע, האָט איהר געקושט און אַזוי געזאָגט:

— איך האָב דיר עפּעס אַנצוזאָגען! אויף גאָט׳ס בעפעהל מוזט דו אַראָב אויף די ערד דאָרט צו אַ יודישען פּאָעט.

— איך בין גרייט — ענפערט די נשמה — נאָר וואָס נעמט מען די פּאָעזיע,

די פּאָעזיע איז ליכט און לעבען און דאָרט, זאָגט מען, לייכט די זונן נור ביי טאָג און ביי דער נאַכט פינקלען נאָר קליינע שטערענדליך... און דערצו טרעפט, אַז די זונן און די שטערן פערשטעלען גרויסע וואָלקען און אוים!.. ווידער זאָגט מען, אַז דאָס יאָהר טהיילט זיך דאָרט אין צייטען, אַז דאָרט טרעפט הערבסט און ווינטער און דאָס זענען טרויעריגע צייטען: אַלעס וועלקט און שטאַרבט...

— שרעק דיך נישט — טרייסט דער מלאך דער פערטרויערטער נשמה — דו וועסט געהן נאָך מיר און מיר וועלען קומען צום אוצר פון טרויער, און דאָרט וועסט דו אוים קלויבען טרויער ווי פיעל די ווילסט, און פיר דיר וועט זיך עפענען אַ קוואַל פיר פּאָעזיע...

און די נשמה, וואָס האָט ניט פֿערשטאַנען די שפּראַך פֿון לעבען אויף דר'ערד, וואָס דער מלאך האט גערעדט, איז נאָך איהם נאָכ'געגאַנגען.

---

און דער מלאך מיט דער נשמה זענען געקומען צום אוצר פֿון טרויער, און די נשמה האָט דערזעהן, אַז דער אוצר איז איבערפֿול מיט אבנים טובות, מיט טייערע שטיינער. און די נשמה האָט זיך זעהר פֿערוואונדערט און האָט געפֿרעגט:

— אָט דאָס איז דער „טרויער״?

— יאָ, האָט דער מלאך געענטפֿערט, דער טרויער און דער צער איז פֿון אונטען, די אבנים-טובות זענען פֿון אויבען, און דו, ריינע נשמה, קוק זיך גוט איין אין די אבנים-טובות, קלויב אויס איינעם פֿון זיי, דריק איהם צו צו דיין הארצען און ער וועט דיר דיענען פֿיר אַ קוואַל פֿון לעבען און ליכט — פֿיר אַ קוואַל פֿון פּאָעזיע אויף דיין גאַנצען לעבען, דאָרט אונטען אויף דער ערד!

און די נשמה האָט געענטפֿערט:

— צווישען די אַלע אבנים-טובות זעה איך גרויסע און טהייערע — נור דריי. ווי אַזוי זאָל איך זיי אָבער נעמען, אַז איך וויים ניט דעם ווערטה פֿון יעדען שטיין בעזונדער, וואָס געפֿעלט מיר אַזוי?

און זי האָט אָנגעוויזען אויף די אַלע דריי שטיינער, און דער מלאך האָט איהר ערקלערט זייער ווערטה.

---

וועגען דעם ערשטען אבן-טוב האָט ער אַזוי געזאָגט:

— דאָס איז אַ פֿינסטערער, שוואַרצער טרויער, דאָס איז דער צער פֿון גערדריקטע און שוואַכע... דער טיש איז געגרייט מיט

אלעם גוטען, אפילו די הינט, וואָס קלויבען אונטערין טיש, ווערען דיק און פעט... נור פאַר די שוואַכע איז גאָר נישט דאָ, ניט אויפ'ן טיש און ניט אונטערן טיש. און זיי שטרעקען אויס זייערע האַנד און וויינען, וויינען ביטער און הערצענרייסענדיג... און אַז זייער צער דערגרייכט די העכסטע שטופע ווערען זיי אין כעס און ווילען דעם גאַנצען טיש אומקערען: „ניט מיר, ניט דיר!"..
ס' איז אַ שרעקליכער צער!...

און וועגען צווייטען שטיין האָט ער אַזוי געזאָגט:

דאָס איז אויך אַ צער! אַ דור געהט אין דער קלעם... די אַלטע לוחות זענען, אַראָב פאַלענדיג אויף דער ערד, צעבראָכען געוואָרען, און קיין נייע לוחות האָט מען נאָך נישט אויסגעהאַקט... דער אייזערנער האַמער האָט אָהן רחמנות אַלע אַלטע גאָטער צעשמעטערט און דעם סקולפטאָר, וואָס זאָל שאַפען נייע גאָטער, זעהט מען נאָך ניט... און דער דור געהט אום, ווי אַ שאָטען און ווייס ניט וואוהין ער געהט און צו וואָס ער געהט... און יתום'דיג פיהלט ער זיך, ער ווייס ניט ווער און וואו איז זיין טאַטע... ער ווייס ניט וואָס איז זיין שאָטען און ווער איז זיין שעפער, און אין דער שטיל וויינט ער, ביטער וויינט ער, דער עלענדער דור!.. אַ שרעקליכער צער!

און אויפ'ן דריטען שטיין האָט ער געזאָגט:

— עס איז זעהר איין אַלטער צער, אַ טיעפער, דאָס איז דער וועלט-צער, וועלט שמערץ.

---

און די נשמה האָט געזאָגט:

— ליעבער, גוטער מלאַך! ניט מיט דער הימעל-שפראַך, נור מיט די ערדען-שפראַך רעדסטו, און איך בין נאָך דאָרטען ניט געווען... איך ווייס ניט וואָס זאָל איך אויסקלויבען, ווייל איך

פערשטעה דיך נאָך ניט.., די שטיינער אָבער געפעלען מיר אללע דריי, זיי זענען אַלע שיין, אַלע לייכטען זיי, — איך וועל זיי אַלע דריי נעמען!

— דאָס קענסט דו אויך, — האָט איהם דער מלאך געענטפערט — אויב אַזוי אָבער, מוזט דו נעמען נאָך א פערטען שטיין, גאָר אָהן דיין וויסען אונ אָהן דיין ווילען...

— וואָס איז דאָס פאַר א שטיין, דער פערטער?...

— א קליין-שטיינדעל; נור אָפטמאָל איז עס זעהר, זעהר שווער. דאָס איז דער טרויער, וואָס איז אָבגעזונדערט פון אַלע קלאַסען, דער צער, וואָס איז שווער צוּבעגרייפען...

— ווען דו זאָלסט מיר פאָלגען — האָט דער מלאַך צוּגעלעגט — וואָלסט דו גענומען נאָר איין שטיין!

נור די נשמה האָט ניט געפאָלגט דעם מלאך, אונ זי האָט גענומען אַלע פיער אבנים-טובות, אונ זי איז אראָב אויף דער ערד, צו זיין די נשמה פון א יודישען דיכטער...



# בעל־הבתישער מוסר.

די שענסטע געפיהלען אין הארצען בעהאלט,
דיין פלאמענדע ברוסט קיהל זי אב, מאך זי קאלט.
אונ אלע פערלאנגען פערגראב אונ פערשטיק,
אונ רייס אב מיט געוואלד פון די הימלען דיין בליק.
צורווה לאז די מענשען אהן גייסט, אהן פערשטאנד,
אונ קריעג זיך מיט קיינעם, גיעב יעדען דיין האנד;
אונ זוך ניט אין לעבען קיין ציעל אונ קיין ברעג,
נאר שלעפ זיך אהן קשיות דעם זומפיגען וועג, —
דאן וועט מען דיך לויבען: ביזט קלוג אונ ביזט פיין
אונ — — — ברויט וועסט דו האבען אונ הונגריג ניט זיין...

א. ר.



# די רעפעטיציע!

## קאמעדיע אין צוויי אקטען

פון

## אברהם רייזען.

די פערזאָנען:

**באָרים**: אַ יונגער בחור פון 25 יאָהר, אַ הויכער ברונעט, אַ פריקאַשציק.

**בערטע**: אַ מיידעל פון 22 יאָהר, אַ שניידערין.

**שׂרה**: אַ שטוב-מיידעל.

**זעלצער**: אַ פריקאַשציק, באָריסעס אַ קאָליעגיע.

---

די סצענע קומט פאָר אין ווארשא, אין די לעצטע יאָהרען.

# ערשטער אַקט.

---

די סצענע שטעלט פֿאָר אַ קליין־ציכטיג־צימער, בײַ איין וואַנד שטעהט אַ בעט, איבער געצויגען מיט אַ ווייס־לײַלאַך; בײַ דער וואַנד, צום פֿענסטער, וואָס געהט אַרויס צו דער גאַס, שטעהט אַ קליין טישעל, מיט צוויי שטוהלען. אויפֿ'ן פֿענסטער שטעהען צוויי ריינע אויסגעווישטע גלעזער, אין איין גלאָז ליעגט אַ טהיי־לעפֿעלע, עס ליעגט אַ האַלב לעבעלע ווייס ברויט, אַ האַלבע זעמעל און אַ ביכעל פֿערגאַסען מיט טינט. אויף דער וואַנד העננט עפּעס איין איליוסטראַציאָן פֿון „ניווא", וואָס שטעלט פֿאָר, ווי אַ יונג מיידעל קלויבט בלומען אין פֿעלד, און אַ קליין פֿאָטאָגראַפֿיש בילד פֿון אַ יונג־מיידעל, געפּאַסט אין אַ הילצערנעם רעמעל.

באָרים. (לויפֿט אַריין אײַלענדיג און ציטראָגען, וואַרפֿט אַראָב דעם הוט אויף דר'ערד און דאָס שטעקעל לעגט ער אַוועק אויפֿ'ן טיש, באַלד פֿערהאַפּט ער זיך און הייבט אויף דעם הוט פֿון דר'ערד און לעגט עס אויפֿ'ן בעט, און דאָס שטעקעל נעמט ער צו פֿון טיש און שטעלט אַוועק אין ווינקעל צימער. ער לאָזט זיך געהן הין און צוריק איבער'ן צימער און רעדט פֿאַר זיך:) שוין נאָך צעהן. זי האָט שוין געדאַרפֿט קומען (ער שטעלט זיך אָב און קוקט צום פֿענסטער.) אויף דער משוגענער אַ קשיא, זי קען אַ מאָל קומען צוועלף. זי רויבט מיר מיין רוה, קראַנק וועל איך פֿון איהר ווערען. (ער קרעכצט) פֿרעג וואָס האָב איך אין איהר אַזוינס דער זעהען? אַ מיידעל, ווי אַלע, נאָר עס ציהט מיך עפּעס אַזוי צו איהר, אַט וואָלט איך דאַכט זיך דער שטיקט זי

אין מיינע אָרעמס! (ער שפרייט אויס די הענד, ווי ער וויל עמיצען אַרום נעמען) אויגען האָט זי שיינע!... שוואַרצע... אַז זי הייבט זיי אויף אויף מיר, דאַכט זיך מיר, אַז איך ווער פערברענט... זי האָט מיך געפּאַקט!... (פּאַוזע) שוין נאָך צעהן, זי וועט שוין ניט קומען, איהר פערדרעהט דאָך גיך דער מח: אודאי אין טהעאַטער מיט עמיצען אַוועק געלאָפען!... ווער עס נעהמט איהר אַ בילעט מיט יענעם געהט זי! פאַר טהעאַטער וואָלט זי זיך געהאָנגען... האפּט זי דער רוח, זאָל זי ניט קומען. אין צוויי טעג פערגעס איך זי!... (ער הערט זיך צו צו דער טהיר) שאַ, דאַכט זיך איהרע טריט... (ער עפענט נערוועז די טהיר און עס בעווייזט זי דאָס שטוב-מיידיל.)

דאָס שטוב-מיידעל: איהר דאַרפט עפּעס? איך געה אין געוועלב.

באָרים: יאָ, יאָ איך דאַרף! גוט וואָס איהר האָט מיך דער-מאָהנט! (נעמט אַרויס דאָס בייטעלע פון טאַש) איהר וועט מיר ברענגען... (ער פאַרטראַכט זיך).

דאָס שטוב-מיידעל: (בייז) גיכער שוין! איך האָב קיין צייט ניט, די „בעל הבאָנדזיע" זאָגט אַזוי אויך, אַז איך אַרבעט פאַר איך מעהר ווי פאַר איהר. אי אַ באַלעבאָנדזיע!

באָרים: איהר וועט מיר ברענגען פון קאָנדיטעריי אַ פאָר טשאַסטעס, אָבער פון די גוטע... נאַט אייך צעהן קאָפּיקעס.

דאָס שטוב-מיידעל: און מעהר גאָר נישט?

באָרים: ניין.

(דאָס שטוב-מיידעל לאָזט זיך צו דער טהיר:)

באָרים: שרה, שרה!

דאָס שטוב-מיידעל: (קעהרט זיך אום) נו, רבונו של עולם, וואָס ווייטער?

באָרים: נאַ דיר אַ גילדרען און קויף עטליכע זעמעל מיט וואורשט... צוקער האָב איך, טהעע דאַכט זיך אויך...

(דאָס שטוב-מיידעל געהט אַרויס).

**באַריס:** (אַליין) מאַמר קומט זי פאַרט, די משוגענע, און איהר פערווילט זיך עסען... אפילו אַ שאָד דאָס געלד, עס וועט מיר מאָרגען אויף מיטאָג פעהלען... נאָר וואָס טהוט מען מיט איהר? זאָל זי ניט זאָגען, אַז איך בין אַ „קבצן", ביי איהר איז אַ קבצן ערגער, ווי געשמדט... „ביזטו אַ קבצן, זאָגט זי, וויל איך מיט דיר קיין געשעפטען ניט האָבען"... (עס דערהערען זיך טריט. באַריס דערקענט איהרע טריט) זי געהט! זי געהט!

(עס עפענט זיך די טהיר און עס לויפט אַריין בערטע מיט אַ פריילליך שיינענדיג פנים, אין אַ לייכטען זומער אנצוג, מיט אַ זאָנטיק אין דער האַנד. פון איהרע בעוועגונגען בלאָזט אין צימער ווי אַ ווינד, זי דערלאַנגט באַריסען די האַנד, גיט איהם נאָכדעם לוסטיג אַ שטויס און זעצט זיך לאַכענדיג אַוועק).

**בערטע:** איהר ווייסט, באַריס, וואָס מען גיט מאָרגען אין טהעאַטער?

**באַריס:** (פאַר זיך: שוין ווייטער מיט איהר טעאַטער) וואָס?

**בערטע:** אַאידאַ! — מיין געליעבטעסטע אָפּעראַ. קרושעלניצקע שפּיעלט אַ אידאַ מיט באַטעסטינען... איך געה מאָרגען נעפּרעמענאָ! אויף אַאידאַ ניט געהן — אַ פיינע זאַך! איהר וועט דאָך אויך געהן — געוויס!

**באַריס:** (פערלעגען) : איך וועל זעהן... איך וועל געהן! אודאי געהן! ווי דען?

**בערטע:** ניט אַנדערש, ניט אַנדערש! איהר מוזט געהן! סיידען איהר ווילט זיך מיט מיר מעהר ניט זעהן...
(זי קוקט איהם לאַכענדיג אין די אויגען אַריין).

**באַריס:** בערטע! וואָס ווילסט דו?

**בערטע:** וואָס איז אייך, באַריס! האַ-חאַ-חאַ! מיין געליעבטער!

**באַריס:** (נעמט זי אָן מיט ליעבשאַפט פאַר דער האַנד) אַ בילעט האָסט דו, מיין לעבען?

פערטע: אויך מיר א זאַרג — אַ בילעט! פינקעלשטיין וויל מיר נעמען אַ בילעט, נאָר איך וויל ניט. איך וויל, אז איהר זאָלט מיר נעמען, איך וויל, אז דו זאָלסט מיר נעמען...

באָרים: (מיט שטראַהלענדע אויגען): דער פאַר וואָס דו האָסט געזאָגט „דו", נעם איך דיר א בילעט...

בערטע: (לאַכענדיג) איהר וועט מיר נעמען...

באָרים: ניין!

בערטע: דו וועסט מיר נעמען.

באָרים: (לאַכט) יאָ, יאָ... (וויל זי קושען).

בערטע: (שטויסט איהם אָב) דאָס טאָר מען ניט.

באָרים: פאַר וואָס?

בערטע: עס איז נאָך צו פריה.

באָרים: ווען דען יאָ?

בערטע: (לאַכענדיג) שפּעטער, שפּעטער, ווען איהר וועט ווערט זיין!

באָרים: (מיט ברענענדע אויגען) פאַרט ווען? רעד ווערטער...

(עס עפֿענט זיך די טהיר אונ עס געהט אריין דאָס שטוב-מיידעל.

צו באָריסען:) נאַט אייך, דאָ האָט איהר דאָס!

בערטע: (וויקעלט פֿערנאַנדער די פאַפּיערען) זעהר גוט! זעהר גוט! איך וויל טאַקי עסען!

דאָס שטוב-מיידעל: עס איז ניט פאַר אייך.

בערטע: (ווענדענדיג זיך צו באָריסען מיט אַ שמייכיל) עס איז ניט פאַר מיר, באָרים?

באָרים: (רויט ווערענדיג) פאַר אייך, פאַר אייך! עסט געזונטערהייט, זאָל אייך וואהל בעקומען!

דאָס שטוב-מיידעל: (אונטער דער נאָז) סאַ מין גוט-לעבען! פונקט ווי נאָך דער חתונה... (זי געהט ארויס).

(בערטע הערבט אָן עסען אונ באָרים קוקט אויף איהר מיט פֿייערדיגע בליקען).

באָריס: בערטע, מיין לעבען, זאָג וואָס וועט זיין די ענדע?

בערטע: (עסענדיג) די ענדע וועט זיין זעהר גוט: איך וועל יעצט אויפעסען די וואורשט מיט די זעמל, טהעע וועט דאָך מסתמא אויך זיין, וועל איך פערטרינקען, אונ וועל געהן אַהיים זיך לעגען שלאָפען.

באָריס: אונ וועט וועט זיך דיר חלומען?

בערטע: (שמייכלענדיג) דו געוויס ניט!

באָריס: אפשר יאָ!

בערטע: געוויס ניט!

באָריס: פאַר וואָס?

בערטע: ווייל איך טראַכט וועגען דיר קיינמאָל ניט.

באָריס: דאָס איז אַ ליגען.

בערטע: אַנ'אמת.

באָריס: (נאָך אַ קליין-שווייגען) בערטע! גענוג דיר צו שפּאַסען!

בערטע: איך האָב פיינד צו זיין ערנסט!

באָריס: עס מוז דאָך אָבער נעמען איין ענדע.

בערטע: אדרבא.

באָריס: (פריילוך) נו, האָטש מאָרגען.

בערטע: (שמייכלענדיג) לעגט אָב אויף איבער מאָרגען: מאָרגען איז מאָנטאָג — ניט קיין מזלדיגער טאָג... (לאַכט).

באָריס: (אויפגערעגט) בערטע, בערטע! גענוג צו שפּאַסען! איך קען אָהן דיר אַ טאָג ניט לעבען... זאָג מיר דעם אמת, האָסט מיך ליעב?

בערטע: (ערנסט) ליעב.

באָריס: (אויפגעלעבט) אַ געזונד אין דיר דער פּאַר... (וויל איהר פאַלען אויפ'ן האַלז).

בערטע. (פערזאָרגט) איִיל זיך ניט, מיין ליעבער! אמת איך האָב דיר ליעב, עס איז אָבער פערהאַן אַ גרויסער „נאַר", דער „נאַר" לאָזט דיך ניט צו צו מיר.

באָריס: (נייגעריג) ערקלער מיר דעם „נאַר".

בערטע. (נאָך אַ קורצער פּאַוזע קוקט איהם טיעף אין די אויגען אַריין) זאָג מיר, באָרים, די וואָרהייט, ווי פיעל פערדיענסטו אַ מאָנאַט.

באָרים. (פערלעגען) איך פערדין ניט שלעכט... הייסט דאָס זאָגען גאָר אסך קען איך ניט... איך פערדיען 40 רובעל אַ חדש (פאַר זיך: איך לייג...) אונ אַ מאָל מעהר...

בערטע: (לאַכט) אונ אַ מאָל וויניגער...

באָרים. (בעלעדיגט) וועניגער קיינמאָל ניט.

בערטע: אונ פאַר 40 רובעל אַ חדש ווילסטו איך זאָל דיך ליעבען!...

באָרים: (פערקרימט זיך) פּע בערטע! אַזוי איז ניט שיין צו רעדען, ווי קומט ליעבע צו געלד? מיר וועלען אָהן געלד גליקליך זיין... וועלבע פערליעבטע קוקען דאָס אויף געלד?

בערטע: (שמייכלענדיג) נאַרעלע! וואָס איז זיך דאָ צו נאַרען! ראָמאַנען לעז איך טאַקי אַלע שבת גלייך מיט דיר. איך ווייס אָבער אז די ראָמאַנען־מאַכער זענען גרויסע ליעגנער, די „מעשיות" טראַכטען זיי אויס פון קאָפּ.

באָרים: (אומעטיג) דו גלויבסט גאָר ניט אין ליעבע?

בערטע: איך גלויב ניט אין שדים אונ מתים (לאַכט).

באָרים: ביזט אַ האַרטע!

בערטע: וואָס דען האָסטו געוואָלט? איך זאָל זיך לאָזען בייגען — איך וואָלט שוין לאַנג צעבראָכען געוואָרען.

באָרים: (געהט אום הין אונ צוריק איבערן צימער, ענדליך שטעלט ער זיך אַוועק געגען בערטען, נעמט זי אָן פאַר'ן פּלייטשע אונ זאָגט:) הער, בערטע — איך ווייס דאָך, דו ווילסט גוט לעבען, דו זאָלסט קיין נויט ניט דאַרפען ליידען, דו ווילסט פערגניגען האָבען, ווילסט לעבען ווי אַ יונגער מענש דאַרף לעבען, — איך שווער דיר מיט אַלץ וואָס הייליג איז, אַז מיט מיינע לעצטע כּחות וועל איך דיר

זעהן צופריעדען שטעלען, וועסט גליקליך לעבען...
גליקליך...

**בערטע:** (טראַכט אַ ווײַלע) ווייסטו גאָר וואָס? צו וואָס דאַרפסטו מיר שווערען, ווי אַ יודענע, און איך זאָל קלעהרין: צו גלויבען דיר צו ניט — בעווייז עס פאַקטיש...

**באָריס:** (אויפגעלעבט) אודאי וועל איך עס בעווייזען, וועסט גליקליך זיין.

**בערטע:** ווען?

**באָריס:** גלייך ווי מיר האָבען חתונה.

**בערטע:** און, טאָמער ניט, וועל איך זיך מיט דיר געהן גטן!... ניין! נאַרעלע — דאָס וועט מיר ניט לויהנען: אַ גרושה איז שוין ניט אַזאַ סחורה ווי אַ מיידעל... אין אַ גרושה וועסטו זיך ניט פערליעבען אַזוי שטאַרק...

**באָריס:** איז וואָס־זשע ווילסטו?

**בערטע:** דו זאָלסט מאַכען אַ רעפעטיציע...

**באָריס:** וואָס הייסט עס?

**בערטע:** איך וועל דיר ערקלערען, הער נאָר מיט קאָפ! אין טעאַטער ביזטו דאָך געוועזען. האָסט געזעהען ווי אַזוי אויפ'ן סצענע שפּיעלט יעדער זיין אַקטיער ראָליע געשיקט און קלוג... פון וואַנען קענען זיי עס? ווי אַזוי געהט עס צו ביי זיי אַזוי גלאַט און פיין, אַז דאָס פּובליקום קוועלט גאָר אָן... פון וואַנען, ווייסטו?

**באָריס:** אודאי ווייס איך: זיי זענען געראָטענע מענשען, טאַלאַנטען...

**בערטע:** געראָטענקייט און טאַלאַנט איז נאָך ווייניג... מען דאַרף האָבען פּראַקטיק אויך. פּראַקטיק איז דער עיקר... די אַקטיערען געהען ניט גלייך אויפ'ן סצענע שפּיעלען פאַר'ן פּובליקום, נאָר זיי מאַכען עטליכע טעג רעפעטיציעס — פערשטעהסט? און ביז וואַנען די רעפעטיציע גיט זיך נישט איין, האָבען זיי קיין העזה ניט אַרויס צו געהן אויפ'ן סצענע פאַר'ן פּובליקום...

**באַריס:** (פערוואונדערט) קענען וואָס זאָגסטו דאָס...

**בערטע:** (ערנסט) איך זאָג עס קענען חתונה האָבען: דאָס איז אַ שווערע דראַמע, פערשטעהסט, אונ אַ דראַמע ניט אויף אַ נאַכט, נאָר אויפ'ן גאַנצען לעבען... אונ דו ווילסט גלייך אָנהויבען שפּיעלען, גאָר אָהן רעפּעטיציע! אַזאַ חוואַט ביזטו...

**באַריס:** (פערלעגען) איך פערשטעה אלץ ניט...

**בערטע:** איז טאַקי ניט גוט... איך פערשטעה בעסער פאַר דיר, חאָטש איך האָב לאַנגע האָר אונ קורצען שכל... הער באַריס! קיין נדן האָב איך ניט, אונ טאָמער וואָלט איך האָבען, וואָלט איך דיר אויך אַ פייג געגעבען. ווי אַזוי וועסטו זיך איינאָרדנען? ווי אַזוי וועסטו דינגען אַ וואָהנונג, צו ווענינגסטענס פון צוויי צימערן? וואו וועסטו נעהמען אַ טיש, בעטען, שטוהלען אונ נאָך אונ נאָך? האָסט אפשר אַ רייכע משפחה?

**באַריס:** (פעסט) עס וועט אַלץ זיין...

**בערטע,** נו, אדרבא בעוויז... מאַך אַ רעפּעטיציע: דינג אַ וואָהנונג חאָטש אויף אַ חדש. גיעב מיר אַלע טאָג אויף מיטאָג קאָכען, איין מאָל אין וואָך נעם מיר אין טעאַטער, — אויב דו וועסט אויסהאַלטען אַזוי אַ חדש בין איך דיינע, ביזטו אַ טאַלאַנט אונ קענסט שפּיעלען אַזאַ שווערע דראַמע.

**באַריס:** (לאַכט כלומרשט) איין איינפאַל אַ ביסעל... חא־חא־חא! אַ רעפּעטיציע, ווי אַזוי צו לעבען נאָך דער חתונה... מיינסט עס ערנסט?...

**בערטע:** נאָר ניט דאָס, וואָס דו מיינסט... אין אַ רעפּעטיציע לאָזט מען קליינינגקייטען דורך...

באָרים: איך מיין נישט קיין בייז, מיין קלוגע בערטעלע...
איך ווייס וואָס אַ רעפּעטיציע בעדייט.

בערטע: אויב דו ווייסט איז גוט, נאָר טאָמער וואָלסטו נים
געוואוסט, ווייס איך... נו, איז וואָס בלייבט? נעמסט
זיך אונטער צו מאַכען איין רעפּעטיציע?

באָרים: אָח, מיט'ן גרעסטען פערגעניגען... מאָרגען הייב איך
אָן, וועסט מיר העלפען? יאָ, בערטעלע?

בערטע. קויפען וועל איך אונ דו וועסט געלד געבען...!

באָרים: גוט — גוט...

בערטע: אַלזאָ בלייבט עס אַזוי?

באָרים: איך בין גרייט...

בערטע: געדענק־זשע זאָלסט אויספיהרען...

באָרים: איך בין זיכער...

בערטע: נו, געה איך יעצט אוועק, אַ גוטע נאַכט (זי דערלאַנגט
איהם די האַנד).

באָרים: (וויל זי אַ קיש טהון, בערטע שטויסט איהם אָב אונ פליהט
אַרויס).

באָרים: (אַליין) נו אַ קאָפּ! זאָל זי!... (ער שמייכעלט) איך וועל
עס אויספיהרען! יאָ, יאָ! אַ רעפּעטיציע! חאַ־חאַ־
חאַ!... נו, אַ קאָפּ!... זאָל זי!...

(פאָרהאַנג)



# צְווייטֶער אַקְט.

(אין אַ הֿרש אַרום):

---

(די סצענע שטעלט פֿאָר אַ גרויס מעבלירט צימער, אין מיט'ן שטעהט אַ קאַלעכֿדיגער טיש, אַרום איהם פֿיער שטוהלען, ביי אַ וואַנד — אַ ווייכֿע קושעטקע, רעכֿטס פֿון צימער געפֿינט זיך אַ טהיר, וואָס פֿיהרט אין נאָך אַ קליין צימעריל. באָרים געהט אום הין אונ צוריק איבערן צימער, רייבט דעם שטערן, מאַכֿט צו צו אויגען, עפֿענט זיי, בעטראַכֿט אַ שטוהל, דעם טיש אונ ברומט אַלץ: ניין, ניין; עס הערט זיך קלאַפּען אין טהיר. באָרים שטעלט זיך מיט'ן פּנים צו דער טהיר אונ פֿרעגט אונרוהיג):

באָרים: ווער איז דאָרט?

אַ גראָבע שטימע: איך.

באָרים: (לייכֿטער אָבאָטהעמדיג) זעלצער? געה אַריין!

(עס געהט אריין אַ יונגער מענש פֿון 25 יאָהר, אָרים, אָבער ריין אונ פֿראַנטיש געקליידט. וואַרפֿט אום זיינע בליקען איבערן צימער, קוועטשט מיט די פּלייטשעס אונ פֿרעגט):

זעלצער: וואָס בעדייט עס אַלץ באָרים?

באָרים: זעץ זיך, איך וועל דיר דערצעהלין, נאָר אַייל זיך ניט.

זעלצער: וואָס זעהט מען דיר עס ניט ערגיץ, ביזט אַ גביר געוואָרען — דיר שטעהט שוין ניט אָן צו האָבען געשעפֿטען מיט אונז, קבצנים?

באָרים: (מיט איראָניע) עס קען זיין.

זעלצער: שוין לאַנג, אַז דו וואהנסט אין אזא רייכֿען צימער?

באָרים: שוין אַ מאָנאַט (זיפֿצט).

זעלצער: וואָס־זשע זיפֿצסטו, גוטער ברודער? דאַכֿט זיך חוץ דיין שאַדען אויף מיר געזאָגט געוואָרען...

באַרים: (טאַפּט זיך די טאַשע) האָסט אפשר אַ פּאַפּיראָס?

זעלצער: גראָדע ניט — איך האָב געוואָלט בּיי דיר בּעטען. וואָס איז אויף דיר געקומען אַזאַ דלות?

באָרים: איך בּין אַ גרויסער בּעל־הוצאה. איך האָב דאָך שוין אַ ווייַ...

זעלצער: וואָס?

באָרים: גאָר נישט (געהט אום איבּערן צימער).

זעלצער: (קוקט זיך אום) זאָג מיר, וואָס איז דאָרטען פאַר אַ שלאָפצימעריל?

באָרים: (אין פערלעגענהייט) גאָר נישט... גאָר נישט...

זעלצער: נו, אויב דו האָסט פאַר מיר סודות וויל איך מיט דיר ניט ריידען — אַדיע! (ער שטעלט זיך אויף און שטרעקט אויס די האַנד).

באָרים: זיי ניט קיין נאַר! (האַלט איהם אָב) וואָס ווילסטו וויסען? דאָ איז קיין סודות ניטאָ, אַ צרה איז דאָ יע פערהאַן, אָבער ניט קיין סוד... אַ גרויסע צרה...

זעלצער: דערצעהל דעם סוד, דיין צרה — אַבּי דערצעהל.

באָרים: קאָנסט דאָך בּערטהען?

זעלצער: נו? וואָס איז דאָ די צרה? דאַכט זיך אַ גאַנץ וואהל מיידעל...

באָרים: איך האָב אויך אַזוי געמיינט... פערקעהרט — איך האָב געמיינט, אַז קיין גרעסערס גליק איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ, ווי צו האָבען חתונה פאַר אַזאַ מיידעל ווי בּערטהע איז.

זעלצער: (ערשטוינט) דו האָסט מיט איהר שוין חתונה געהאַט?

באָרים: שרעק זיך ניט... איך קען נאָך חרטה האָבּען... עס איז גאָר אַ רעפּעטיציע...?

זעלצער: ווי הייסט אַ רעפּעטיציע?

באָרים: פּשוט אַ רעפּעטיציע ווי צו געבּען אַ ווייב ברויט עסען, אַ דירה און נאָך אַזעלכע זאַכען...

זעלצער: (לאַכט) איין איינפאַל, ווי איך בין אַ יוד. ווען עס
אויפּטהו איז דאָס? מסתמא איהרער — דאָס איז
אַ קעפּעלע!...

באָרים: וואָס דען האָסטו געדענקט, אַז עס איז מיין אויפטהו?
מיר וואָלט אַזאַ חכמה קיינמאָל אין קאָפּ ניט אריינ-
געפאַלען...

זעלצער: נו, איז זי צופריעדען... קענסט געבען ברויט?

באָרים: יאָ — איך בין שוין אַ בעל-חוב איבער הונדערט
רובעל... (קראַצט זיך אין קאָפּ).

זעלצער: (מיט איראָניע) אַזאַ חכם, הייסט עס, ביזטו... נו,
וואָס וועט זיין ווייטער?

באָרים: ווייטער איז ניט גוט... זי דאַרף באַלד קומען און
וועט אודאי וועלען חאַטש מאָרגען צו דער חופּה
געהן... אַ קלוגע איז זי אפילו, נאָר פאָרט ווייבערשער
שכל — וואו איך האָב גענומען דעם גאַנצען חדש
געלד, קען זי דאָך ניט פערשטעהן...

זעלצער: אַ שאַד פון דעסטוועגען איינלאָזען בערטען...

באָרים: (מיט יאוש) עט... גלויב מיר ברודער, אַז עס איז אַלץ
נאַרישקייט, צום אָנהייב האָב איך געמיינט, אַז איך
וועל זיין דער גליקליכסטער מענש, אויב בערטע וועט
זיין מיינע, און יעצט אַז זי איז שוין כמעט ווי מיינע,
איז מיר דאָס לעבען ניט ניחא... וואָס איז דאָ פאַר
אַ גליק? חתונה האָבען און אַ גאַנץ לעבען אומ-
שווינדלען, דרעהען מיט'ן מח וואו צו לייהען, וואו צו
באָרגען, ניט האָבען קיין בערוהטע מינוט... היינט
נאָכדעם — קינדער, אַ גרעסערע הוצאה... עס פאַלט
אָן אַ פּחד!

זעלצער: אַביסעל איז דאָס אמת... (פּאַוזע) איז וואָס רעכענסטו
קיינמאָל ניט חתונה האָבען?

באָרים: וואו איך וועל ניט זיין אין שטאַנד גוט צו פערריכטען,

אז מיין פרוי זאָל קענען גוט לעבען אָהן שווינדלערייען,
אָהן קאָפּ דרעהעניש, וועל איך טאַקי ניט חתונה
האָבען... טאָר איך ניט חתונה האָבען... די
רעפּיטיציע האָט מיר בעוויזען, ווי אַזוי מיר טאָרען
קיינער ניט חתונה האָבען...

פעלצער: עמיצער געהט דאַכט זיך...

באָרים: (ערשראָקען) דאָס איז זי. געה יעצט אוועק, פאָלג מיר.
איך דאַרף מיט איהר רעדען און פאַר אַ זייטיגען
מענשען וועל איך ניט קענען...

פעלצער: אַוודאי אַזוי (אָב).

(בערטע פליהט אריין מיט אַ פרייליכען שטראַהלענדען געזיכט,
דער לאַנגט באָרים'ן די האַנד אין זעצט זיך אויף אַ שטוהל).

בערטע: אוי, בין איך דאָס מיעד!...

באָרים: וואו ביזטו דאָס אַזוי אומגעלאָפען?

בערטע: ווייס איך אַהער, אַהין... וואָס ביזטו עפּיס אַזוי
צעטראָגען.

באָרים: איך בין אויך עפּעס מיעד —

בערטע: נו, אויב דו ביסט מיעד וועל איך יעצט מיט דיר ניט
רעדען.

באָרים: וואָס האָסטע געוואָלט רעדען?

בערטע: (מיט אַ שמייכעל) היינט ענדיגט זיך דאָך אונזער
רעפּעטיציע...

באָרים: איך ווייס.

בערטע: (געהט צו צו איהם נאָהענט און לעגט איהם אַרויף די האַנד
אויפ'ן פּלייצען ביזט אַ חוצט, איך האָב דיך ליעב...

באָרים: (מיט אַ שמייכעל) איך וועל קענען שפּיעלען די ראָלע? האַ?

בערטע: יאָ — יעצט גלויב איך דיר. דעם חדש האָסטו מיך
אויסגעהאַלטען מיט אַלע פערגעניגענס: טעאַטער
אפילו האָט איך ניט געפעהלט...

באָרים: (לעגט איהר אַרויף די האַנד אויפ'ן פלייצע) בערטעלע, קענסט מיר אפשר לאָזען אָברוהען... איך בין זעהר מיעד פון דער רעפעטיציע. דער קאָפ שפּאַלט זיך מיר...

בערטע: (ערשראָקען) ווי הייסט?

באָרים: ווילסט וויסען דעם אמת?

בערטע: אוודאי דעם אמת...

באָרים: נו, טאָ וויים, אַז די רעפּיטיציע איז טאַקי זעהר נויטהיג געווען... איצטער זעה איך, ווי וויים איך קען ניט שפּיעלען... איך קען ניט, איך קען ניט!...

בערטע: האָסט חרטה, הייסט עס?

באָרים: יאָ, בערטעלע איך האָב חרטה, אונ דער עיקר — איך האָב מורא... זיי מיר געזונד אונ אַ דאַנק דיר פאַר דיין לעקציע, וואָס דו האָסט מיר געגעבען. זי האָט מיר אפשר געקאָסט אַסך געלד, אָבער עס איז ווערטה, זעהר ווערטה... (ער לאָזט אראָב דעם קאָפ אונ פערטראַכט זיך).

בערטע: (שפּרינגט אויף פון אָרט, קוקט זיך איבער אַלע פיער ווינקלען ניט אַ שפּיי לאַכט זיך פערנאַנדער אונ שרייט אויס). מאוסעף טרום... חאַ-חאַ-חאַ.

(זי לויפט ארויס, אַ שפּיי טהונדיג):

פאָרהאַנג פאַלט.

✳

## פֶערְגְרָאבֶּענֶעם גְלִיק.

וויט פון שטאָדטיל, פאַר'ן וועלדיל
ציהט זיך בּרייט פון בּערג אַ קייט,
אונ אויף איינעם פון די בּערגער,
ווי א ריז, אַ שטיין דאָרט שטעהט.
אונ די איינוואָהנער פון שטאָדטיל
ווייסען מעשיות פון איהם פעק,
אונ דערצעהלען זיי די מעשיות
ציטערט שטיל דאָס הארץ פאַר שרעק,
אונ דערצעהלען זיי די מעשיות
טהוט דאָס האַרץ זאָ וועה אונ באנג.
אַלטע מלכים, גרויסע העלדען
האָבּען דאָ געקעמפפט גאָר לאַנג.
אונ די אַללע זיי'רע אוצרות
ליעגט פערגראָבּען טיעף אין דר'ערד,
צו בּעקומען דאָך די אוצרות
איז קיין מענשען ניט בּעשערט;
ווייל אַ מכשף האָט פערשאָלטען —
בּייז איז ער געוועזען אונ אַלט:
ווער ס' וועט גראָבּען דאָ די אוצרות
דעם פערשלינגט די ערד גאָר באַלד.
אָח, עס ליעגען גרויסע אוצרות
אונטער שטיין דאָ, זילבּער, גאָלד,
דאָך נאָך מעהר פאַר גאָלד אונ זילבּער
האָט דער מענש דאָס לעבּען האָלד.
אונ אַז ס' קומען די אָרמע מענשען
פון דעם שטאָדטעל ווען אַהער
בּלייבּען זיי בּיי'ן שטיין פערגליווערט
אונ עס דריקט דאָס האַרץ זיי שווער.
אונ עס זיפצט אַרויס איין אַנדרער
מיט אַ יאוש אין דעם בּליק:
אויף דער ערד אַזוי פיעל דלות
אין דער ערד אַזוי פיעל גליק!...

א. רייזען.

---

# צו דער פראגע וועגען העברעאיש און יודיש.

(אנמערקונג)

אין 5-טען נומער פון'ם „פריינד" פאר היינטיגעם (1903) יאהר, אין דער אבטהיילונג: „וואס געהערט, וואס געזעהען", פערטהיידיגט דער הער „קליפ-קלאפ" דעם זשארגאן און זיינע שרייבער פאר'ן ה' ליובאשיצקיס גרימצאר'ן. עס שאדט נישט אביסעל נאהענטער זיך צוקוקען צו אונזערע געגנער און פערטהיידיגער און צו דעם, אויף וויפיעל די צווייטע זענען אנדערש פון די ערשטע.

ה' ליובאשיצקי איז נישט צופריעדען, וואס מען טראגט זיך ארום מיט'ן זשארגאן, וואס פיעלע העברעאישע שרייבער גיעבען זיך די לעצטע צייט אב מיט אט דעם „צעמישעניש", וואס ה' פאביוס שאך וויל צונויפשטעלען א זשארגאנישע גראמאטיק, — דער שפיטץ איז, ער האט מורא, צו וויל מען נישט, אפט-מאל, „מאכען דעם זשארגאן פאר א נאציאנאלע שפראך" און דעם לשון-קודש איינגאנצען אוועקשטעלען מיט'ן וויעגעל. ה' „קליפ-קלאפ" פערזיכערט גאנץ נאאיוו דעם ריטטער פון אונזער „שפה", דעם ה' ליובאשיצקי'ן, אז מען מיינט חלילה נישט „מאכען" דעם זשארגאן פאר אנאציאנאלע שפראך. „ה' ליובאשיצקי", שרייבט ער, מיינט, אז דער צוועק פון די העברעאישע שרייבער בעשטעהט נור אויס-צופיינען דעם לשון-קודש, ער זאל זיין רייך, גלענצענד און לעבענדיג. ער פערגעסט בטחילה איין קלייניגקייט, אז ביי די העברעאישע שרייבער איז פארהאן אטייערערע זאך, א גרעסערער צוועק, א געהויבענערער עסק, ווי די העברעאישע שפראך, ווי

דער גאַנצער לשון-הקודש — דאָס יודישע פֿאָלק״. אויסגעצייכענט; אונטער די וואָרטער וואָלטען מיר זיך אונטערגעשריעבען מיט ביידע האַנד. נאָר ווייטער ווערן מיר שוין אַביסעל צעמישט...

„טהייער, זעהר טהייער בעדאַרף ביי אונז זיין לשון-קודש, אונזער אונזער נאַציאָנאַל-שפּראַך״... „מיר דאַרפֿען זיך מאַטטערן, אָבגעבען כחות, נישט שפּאָרען קיין געלד (?), אונזער לשון-קודש זאָל אָבלעבען (אויפֿלעבען?...)... „נאָר די הויפּט-אַרבייט בעדאַרף זיין — אָבלעבען אונזער פֿאָלק, אָט-דאָס פֿאָלק, וואָס טראַכט אונ רעדט נאָר זשאַרגאָן״... „אז דאָס פֿאָלק וועט אָבּ-לעבען. וועט זיין נאַציאָנאַל-שפּראַך, דער לשון-קודש, אויך אָבּ-לעבען זיך״... „צו ליעב מחיה-מתים זיין אונזער פֿאָלק מוזען מיר האָבען אַלע כחות, אַלע, אַלע, אָהן אַ שום יוצא מן הכלל, אונ די העבּרעאישע שרייבער מוזען געהן די ערשטע. דאָס איז זייער אמת׳ער חוב״. — אלזאָ, דער ערשטער טעזיס, וועלכער הערשט איבער אַלע איבעריגע, איז — אויפֿוועקען צו׳ם לעבען אונזער פֿאָלק, אונ דערויף דאַרפֿען מיר האָבען אַלע קראַפֿטען, אָהן אַ-נ-אויסנאַהם; דער צווייטער טעזיס: דאָס פֿאָלק טראַכט אונ רעדט נאָר זשאַרגאָן, אונ דאַרום מוזען די העברעאישע שרייבער שרייבען זשאַרגאָן, ד. ה., ווערן זשאַרגאָנישע שרייבער; דער דריטער טעזיס: לשון-קודש איז אונזער נאַציאָנאַל-שפּראַך, אויף וועלכער דאָס פֿאָלק טראַכט נישט אונ רעדט נישט, דאַרום דאַרף עס ביי אונז זיין טהייער, אונ מיר דאַרפֿען אָנוועגדען אַלע כחות אויף איהם לעבעדיג מאַכען; דער פֿיערטער טעזיס: אז דאָס פֿאָלק וועט אויפֿ-לעבען, וועט דער לשון-קודש אויך אויפֿלעבען.

פֿון די אַלע טעזיסען, וועלכע צעשטאָרען איינער דעם צווייטען, הויבט-אָן ביי׳ם צעדולטען לעזער שווינדלען אין די אויגען. — הערר פֿערדמהיידיגער! — שרייט ער אין אַנגסטען — איילט אייך נישט אַזוי, ביי מיר דרעהט זיך דער קאָפּ!... אויב די קולטור-אַרבייט צווישען יודען קאָנן זיך פֿיהרען נאָר אויף זשאַרגאָן, אונ דערויף דאַרפֿען מיר האָבען, ווי איהר האָט אַליין

געזאָגט, אַלע קראַפטען, אָהן אַנ'אויסנאַהם — וואו וועלען מיר נעהמען כחות פונ'ם לשון-קודש'ס וועגען ?... אויב דאָס פאָלק רעדט נישט אויף לשון-קודש, פאַר וואָס איז ער אונזער נאַציאָנאַל-שפּראַך ? וואָס איז דאָס גלאַט פאַר אַנאַציאָנאַל-שפּראַך, אויף וועלכער קיינער רעדט נישט ?.. אויב דער לשון-קודש וועט אַ מאָל ממילא אויפגעריכט ווערן, ווען דאָס פאָלק וועט אויפלעבען, נאָך וואָס דאַרפען מיר זיך מיהען אויף דעם, וועלכעס נייטיגט זיך יעצט אין אונזער הילף נישט ?..

נאָר דער ה' „קליפ-קלאַפ" האָרט נישט: ער איז פערטראָגען מיט'ן ה' ליובאָשיצקי'ן, וועלכער היצט זיך שטאַרק און קאָנן זיך נאָר נישט בערוהיגען. ביי אונז אין די אויגען איז די היטציגקייט פון די העברעאיסטען אַ צייכען פון דער צייט. ווי לאַנג האָבען זיי גאָר נישט אַכטונג געגעבען אויפ'ן „וויסטען זשאַרגאָן" און נאָר צייטענווייז געוואָרפען אַ פעראַכטליכען בליק אויף די, וואָס פערנעהמען זיך מיט איהם ?

אַ צוויי-דריי גרויסע דעמבען זענען אויסגעוואַכסען אויפ'ן באָרען פון דער העברעאישער ליטעראַטור, און די אַלע איבעריגע געוויכסען האָבען זיך ערנאָהרט פון זייער זאַפט, צורוקענדיג זיך נאָהענט צו דעם אָדער יענעם פון זיי. ווי אין יעדער ליטעראַטור, האָבען זיך אין איהר פונ'ם ערשטען מאָמענט פון איהר ענטוויקלונג ארויסגעוויזען צוויי הויפט-שטראָמען: בעללעטריסטישער און פובליציסטישער. גאָטלאָבער און סמאָלענסקין, מענשען מיט פּאָעטישען טעמפּעראַמענט, זענען אין זייערע פובליציסטישע אַרבייטען בעללעטריסטען געבליעבען. פערקעהרט, י"ל גאָרדאָן און ברודם זענען איז זייערע פּאָעמען און ראָמאַנען מיט פובליציסטישער היטץ בעפאַלען אויף די טוידטע, פערגליווערטע פאָרמען פונ'ם יודישען לעבען. אי די ערשטע אי די צווייטע, אָבקעהרענדיג זיך פון די רעליגיאָנס'אידעען, וועלכע האָבען ביז דעמאָלט כמעט אינגאַנצען פערנומען דאָס יודישע גייסטיגע לעבען, האָבען פונדעסטוועגען נישט געקאָנט אין גאַנצען זיך אָבזאָגען פון דער שפּראַך,

אויף וועלכער זיי האבען ביז יעצט זייער גייסט געשפייזט, איבער־עטליכע אורזאכען: ערשטענס, ווייל מענשען זענען פון דער נאטור קאנסערוואטיוו און קענען נישט אין גאנצען זיך אבקעהרען פון זייער פריהערינגען לעבען, אפילו ווען זיי צעשטארען עס; צווייטענס, האט א טוידטע שפראך מעהר צו געפאסט צו דער קולטור, וועלכע האט זיך ענטוויקעלט צווישען איינציגע, קליינע און פערשלאסענע געזעלשאפטען, ווי לאטיין האט מעהר געטויגט אין דער מיטעל־אלטער צו וויסענשאפטליכע ארבייט, וועלכע האט זיך ווייניג־וואס אנגעהארט מיט די ברייטע פאלקס'מאסען; דריטענס, און דאס איז די הויפט־אורזאך, האבען אונזערע ערשטע קולטורטרעגער, זוכענדיג נייע וועגען, געווענדעט זייערע אויגען ארונטער, צו אונזער אלטער היסטאריע, ווייל נישט לאנג פאר זיי איז דאס יודישע לעבען געשטאנען אויף א טוידטען פונקט, און זיי האבען נישט געהאט קיין אייגענע נאהענטע קולטור־טראדיציע, וועלכע זיי זאלען פארטזעצען. דארטען, אין דער גראהער אורא־לטער, וועלכע איז אבגעטהיילט פון אונז מיט צוויי טויזענד יאהר, האבען זיי געזעהען, ווי דורך א נעבעל, א געבילדעט פאלק, וואס לעבט גליקליך אין א רייך־בעשענקט לאנד און רעדט אויף א קלינגענדער שפראך. פון דער „שיינער ווייטקייט" האבען זיי געזעהען נישט קיין איינציגע, לעבעדיגע מענשען, נאר אן אבסטראקטע נאציאן. זיי האבען פערגעסען, אז די יודישע מאסע איז א טריט נאך א טריט געגאנגען נישט, ווי זיי האט זיך געדאכט, פון קנעכט־שאפט צו'ר פרייהייט, נאר פערקעהרט, און האט קוים געאטהעמט ביי'ם מלך און כהן־גדול אין די האנד! זיי האבען פערגעסען, אז דאס, וואס זיי רופען־אן יודישע קולטור, האט ארומגעפלאנטערט פון אלע זייטען דאס יודישע לעבען און לאזט עס נאך ביז יעצט נישט פריי... זיי האבען פערגעסען, אז ביי'ם פינאל פון דער דראמע זענען ביז'ן לעצטען טראפען בלוט געשטאנען נישט די בעשאפער פון אט־דער קולטור (אויסער איינציגע פון זיי), נאר זייערע געזינער, יונגע־לייט, די „פריצים", אליין אויפ'ן פעלד, —

אונ די דראַמע האָט זיך פֿערוואַנדעלט אין אַ לאַנגזאַמע, שמאָרצליבע טראַגעדיע!.. דאָס אַלעס האָבען זיי פֿערגעסען, — אונ זייער אידעאַל איז געוואָרען — די אויפֿלעבונג פֿון אונזער פֿאָלק אין דער פֿאָרם פֿון אַנ'אייגענער מלוכה.

נאָר דאָס וואָרט „פֿאָלק", ביי זיי אויף די ליפּען, איז נישט מעהר, ווי אַ הוילער בעגריף, עפּעס אַזוינס, וואָס שוועבט אין דער לופֿטען אונ געהער זיך מיט לעבעדיגע מענטשען גאָר נישט אָן; די לעצטע זענען נאָר מאַטעריאַל אויף בילדען אַ פֿאָלק. זעלבסטפֿערשטאָנדליך, אַז ס'איז נישטאָ וואָס צו רעכנען זיך מיט די בעדאָרפֿענישען אונ מיינונגען פֿונ'ם עכטען, לעבעדיגען פֿאָלק. אַ נאַציאָן דאַרף האָבען אַנ'אייגען לאַנד מיט אַנ'אייגענער שפּראַך, אונ ביי יודען קאָנען עס זיין נאָר פּאַלעסטינא אונ דער לשון־קודש. אַז יודען, אַם וועניגסטענס אין רוסלאַנד, רעדען זשאַרגאָן, אונ עס וואַקסט שוין אפילו אַ שטיקעל זשאַרגאָנישע ליטעראַטור אויך?.. — דאָס איז גאָר נישט, עס האָט קיין שום ווערט נישט... די יונגע פֿאָלק'ס ליטעראַטור בעאַגרוהיגט נאָך דערווייל קיינעם נישט.

די העבּרעאישע ליטעראַטור איז נאַציאָנאַל, ראָמאַנטיש אונ אַריסטאָקראַטיש: זי האָט צו טהון מיט עכטע „העלדען" — מיט זיהן, וועלכע קאָמפּפֿען מיט די „פֿאָטער", מיט „יודישע פּאַטריאָטען", מיט ישיבה־בחורים, וואָס זוכען וויסענשאַפֿט (פֿון יעקב־חיים'ן אין „קבורת חמור" ביז גמליאל השאולני אין „האָסיף"); קיין פּראָסטען יודען פֿון אַ גאַנץ יאָהר פֿאַר אַנ'הויפּט־העלד אין אַ ווערק וויל קיינער נישט וויסען. שפּעטער, ווען דאָס לעבען האָט אַרויסגעשטעלט נייע פֿראַגען, ווען דער רעאַליזם האָט אָנגעהויבען פֿאָדערן זיינע רעכטע, האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז די העבּרעאישע ליטעראַטור איז באַנקראָט. די בעמיהונג מיט אַמאָל צו חאַפּען דעם רעאַליזם פֿאַר דער באָרד, אָהן אַ פֿעסטען באָדען, אָהן אַ רעכטער בעקאַנטשאַפֿט מיט'ן לעבען פֿונ'ם פֿאָלק, האָט נאָר געבראַכט צו גראָבע אונ לאָכערליכע ליטעראַטור־פּרובען: בנ־

אביגדור, צו'ם ביישפּיעל, האָט געמיינט, אַז ס'איז גענוג אוים צומאָהלען אַ מאַרק, אַן'איינפאַכע יודינע און אַ קויש מיט פיש, אום צו ווערן אַ רעאַליסטישער שרייבער... און נאָכדעם — און נאָכדעם מאָג מען שוין אַפילו אויסלאָזען מיט אַ קנאַק: די זעלבע יודינע געהט אַראָב פון זינען, ווען ביי איהר שטאַרבט דער מאַן!.. („לאה מוכרת הדגים״).

דאָס איז געווען אַ וויכטיגע מינוט אינ'ם לעבען פון אונזער פאָלק! ווען אונזערע שרייבער פערבייטען דעמאָלט די שפּראַך פון סליחות און יוצרות אויפ'ן לעבעדיגען זשאַרגאָן; ווען דער אַבסטראַקטער אידעאַל מיט'ן געזיכט אַרונטער טרעט דעמאָלט אָב זיין פּלאַטץ דעם ווירקליכען לעבען מיט זיינע פאָדערונגען, און די יודישע שרייבער נעהמען זיך אויסלערנען דאָס פאָלק און זיין וואָהרען, נישט אויסגעקלאָרטען גייסט, — וואָלטען די שפּעטעריגע דורות מיט דאַנקבאַרקייט דערמאָנט זיי מיט דער העברעאישער ליטעראַטור, וועלכע האָט ווירקליך פיעל געטהון פאַר יודען, בעזונדערס, פאַר דער אינטעליגענץ. דאָס יודישע לעבען וואָלט זיך בעוועגט מיט וועניגער שטאָרונגען און רייבונגען. נאָר יעדע קראַפט, איינמאָל ערשיינענדיג אין דער נאַטור, זוכט צו פערהיטען זיך פון פערניכטונג און האַלט זיך דורך אַן'אינערציע — און דער מאָמענט איז פאַרביי... די העברעאישע ליטעראַטור שטרענגט־אָן אַלע קראַפטען צו נאָכטאַנצען דעם לעבען, וועלכעס זי קען נישט און ווייסט נישט, ווי אַזוי צוטרעטען צו דעם. אָבערפלאַכליך און אָהן אָרדנונג טראָגט זי אַריין עלעמענטען פון אַנדערע ליטעראַטורען, אַזוי אַז די לעצטע צייט האָבען מיר שוין אַפילו העברעאישע דעקאַדענטען אויך, — נאָר קיין רעאַליסטען האָבען מיר נאָך ביז היינט נישט און מיט'ן פאָלקס לעבען זענען מיר געבונדען נישט מעהר, ווי פריהער.

דאָס קומט פאַר אויבען, צווישען אונזערע העכערע קלאַסען. אונטען־אָבער, וואו עס געוואָלטיגט דער אָרעמער זשאַרגאָן, געהט־פאַר גאָר עפּעס אַנדערש. די זשאַרגאָנישע ליטעראַטור וואַקסט

לאנגזאם, צו-ביסלאך, ווערט צייטענווייז אנטשוויגען און הויבט ווידער אן רעדען, — נאר זי וואקסט אויף דער רעכנונג פון די וואהרע בעדערפענישען פונ'ם פאלק און לעבט מיט רעאלע מאטיווען. פון אנהויב האט די העברעאישע ליטעראטור אויף איהר א שטיקעל איינפלוס, נאר ביסלעכווייז בעפרייעט זי זיך פון איהר. איהרע בעסטע פארשטעהער גיעבען ארויס זאמעלביכער און „בלעטליך", מיט וועלכע עס וואלט זיך אפשר נישט געשאמט א רעכטע אייראפעאישע ליטעראטור. אין דער זעלבער צייט לאזען זיך הערען פונ'ם העברעאישען לאגער אונצופריעדענע שטימען...

אין 1896-סטען יאהר, אין זיין ארטיקעל: „העברעאיש און יודיש", געדרוקט אין 5-טען בוך פונ'ם „הויזפריינד", פערטהיידיגט רבי-קצין דעם זשארגאן פאר אונזערע העברעאיסטען — און פערטהיידיגט איהם פיעל שענער פונ'ם הערין קליפ-קלאפ. און חאטש רבי-קצין רעדט אויך פון זיין ליעבע צו'ם לשון-קודש און שרייבט אפילו אויף איהם, נאר אט די ליעבע, לויט דעם ארטיקעל, איז אויף אזוי פיעל פלאטאניש, אז מען זעהט דייטליך, ווי אינ'ם מענטשען שטרייטען געוואהנונג און טראדיציע מיט'ן געזונטען פערשטאנד. שפעטער, זייענדיג רעדאקטאר פונ'ם „יודען", הערט ער נישט אויף צו פעראנטווערן זיך אין דעם, וואס ער פערנעהמט זיך מיט זשארגאן. עס ווייזט אויס, שווער זיך ארויסרייסען פון א קרייז פון פערשלאסענע, נישט לעבעדיגע אידעען; עס ענטוויקעלט זיך דעמאלט א קראנק, וועלכע די מעדיצין רופט-אן „רוימפורכט" — ד. ה. מורא פאר ברייטען, פרייען פלאטץ... אין די הויכע פענסטער רופט דער זשארגאן ארויס אלץ מעהר און מעהר אונצופריעדענהייט. אזוי ציהט זיך עס ביז'ן אפיציעלען ציוניזם...

דא האבען זיך די אומשטאנדען מיט אמאל און שטארק אומגעביטען.

די ציוניסטען האבען זיך בעגעגענט מיט'ן לעבען געזיכט צו געזיכט. ביז דעם איז דאס פאלק געווען נאר אנ'אביעקט צו זייערע העברעאישע דרשות; יעצט האט מען געדארפט האבען צו

טהון מיט'ן עבטען, לעבעדיגען פאָלק, וועלכעס האָט גערעדט נאָר זשאַרגאָן, און געזונדטערע בעוועגונגען אין יודישען לעבען האָבען זיך שוין לאַנג געווענדעט צו דער פאָלקסשפּראַך. די ציוניסטען האָבען זיך צעטהיילט אויף צוויי לאַגער'ן.

די פערטהיידיגער פונ'ם זשאַרגאָן קוקען אויף איהם, ווי אויף הגר'ן, דורך וועלכער שרה דאַרף געהאָלפען ווערען... די „העררין" איז אַלט און אונפרוכטבאַר, די „דיענסט" איז יונג און געזונד — און פאַקטיש ציהט די דיענסט מיט איהר יונגער, לעבעדיגער שאָנהייט אַלץ מעהר צו זיך, און די אַלטע, טוידטליכע העררין קומט מען אַלץ אָפטער אָב מיט אַ נייג פון דער ווייטענס, מיט אַ האָפליכען רעוועראַנס; דעם לשון־קודש הערט מען נישט אויף צו פערזיכערן אין הייסער ליעבע און טרייהייט, — און מיט'ן זשאַרגאָן הויבט מען אָן אַלץ מעהר זיך צו בענוצען. נאָר טהעאָרעטיש דערמאַנט מען אַלע מאָל דעם זשאַרגאָן, ווער ער איז, און מען שטראָפט איהם, ער זאָל זיך נישט איבערנעהמען...

דער דאָקטאָר סירקין („יוד", 42 ,1900) לעהרנט אונז מיט אַ טיעפזיניגער מינע: „... דער זשאַרגאָן קען נור דינען פאַר אַ מיטעל צו בילדונג. כל זמן דאָס פאָלק רעדט ניט קיין אַנדער שפּראַך און פערשטעהט נור זשאַרגאָן, קען דאָס פאָלק אויפגעוועקט ווערען פון זיין גייסטיגען שלאָף נור דורך דעם זשאַרגאָן. כדי דאָס פאָלק בעקאַנט צו מאַכען מיט דעם לעבען, כדי אויפצו ווייזען איהם זיינע צרות און נויט און דעם וועג ווי ער זאָל זיך דערוועקען פון שלאָף, כדי איבערגעבען איהם זיין אייגענעם לעבען אין ערצעהלונגען און שטעלען פאַר איהם אַ שפּיעגעל פון זיינע ליידען און פריידען, כדי ערפרישען איהם מיט אַ ליעד און געבען איהם כח און מוטה אין זיין מלחמה פאַר זיין קיום איז נייטהיג דער זשאַרגאָן. אין אַ מאָליגע צייטען איז געוועזן דער זשאַרגאָן די שפּראַך פון צאינה־וראינה, פון די מעשות פון מדרש און הגדה, וועלכע האָבען אָבגעשפּיגעלט דאָס היסטאָרישע לעבען פון דעם פאָלק, די שפּראַך פון די מגידים און דרשנים, וועלכע

האבען גערעדט אין די שולען, אין די פערזאמלונגס-הייזער מכח די פראגען פון לעבען און אמונה, די שפראך פון פאלקס ליערער, פון די בדחנים און מארשאליקעס, וועלכע האבען בעזונגען דאס יודישע לעבען און זיינע צרות און זיינע פרייד; היינט קען דער זשארגאן זיין די שפראך פאר די שילדערונגען פון דעם איינפאכען לעבען פון דעם פאלק, די שפראך פון די ציימונגען און זשורנאלען, וועלכע מאכען דאס פאלק בעקאנט מיט אלעס, וואס עס טהוט זיך אין דער וועלט און גיעבען איהם א ענטפער אויף די פראגען פון זיין אייגענעם לעבען, די שפראך פון פאלקס-ליעדער, וועלכע הויבען (העבען? . . .), טרייסטען און ערמוטיגען דאס פאלק. נאך איין וויכטיגע זאך קען דער זשארגאן שאפען אין יודישען לעבען, ער קען העלפען אויסווארצלען די נארישע פארשטעלונגען און דעות אין פאלק איבער די וועלט און די נאטור און פארבערייטען דאס פאלק, ריכטיגער צו פערשטעהן די וועלט און די נאטור". . . — דא שטעלט זיך דער ה' סירקין אב און טהוט זיך א ביס אין צונג: ער דערמאנט זיך, אז מיט עטליכע שורות צוריק האט ער געזאגט אז דער זשארגאן „האט געדיענט נור פאר דאס איינפאכע לעבען, ניט פאר די פערברייטונג פון בילדונג און קולטור" (חאטש ער „האט זיך ענטוויקעלט דורך ליטערארישע ארבייטען". . .), — און ענדיגט מיט א שטרענגען טאן: „דאס זענען אבער נור מיטעל צו בילדונג און קולטור, און ניט די קולטור אליין". . . ניין, גנאדיגער הערר, דאס איז קולטור, עכטע קולטור! . . . איהר האט אויסגערעכענט צו-ביסליך רעליגיאן, וויסענשאפט, ליטעראטור, פאעזיע און קונסט — און אט די אלע גוטע זאכען ווערען אנגערופען קולטור אויף מענטשליכער שפראך! איהר האט געזאגט, אז איהר ווילט דא „דעם ריכטיגען ארט אנגעבען, וועלכען דער זשארגאן דארף איינעהמען (? . .) אין דעם קולטורלעבען פון אונזער פאלק", — און האט ווירקליך אנגעוויעזען זיין ארט, חאטש אין א שלעכטער שפראך מיט א געמיינעם

סינטאַקסיס, נאָר אַנגעוויזען אומגערן, אַליין נישט מיינענדיג אַזוי פֿיעל צו זאָגען, וויפֿיעל איהר האָט געזאָגט!...

נאָר שענער פֿון אַלעמען איז, ווי דער ה׳ סירקין צעפֿיהרט מיט די האַנד און פֿראַגט אויפֿ׳ן זשאַרגאָן מיט גרויס ערשטוינען: „וואָס איז דאָס אָבער פֿאַר אַ נאַציאָנאַל־שפּראַך, וואָס איהרע אייגענע אַנהענגער און פֿריינד רעדען ניט אין איהר?״... אָט, דער לשון־קודש, זעהר איהר, איז אַ נאַציאָנאַל־שפּראַך, ווייל אַלע רעדען מאַקי אויף איהם...— גרויס זענען דיינע וואונדער, באַשעפֿער פֿון דער וועלט!..

אָט דאָס זענען אונזערע העברעאישע פֿריינד, וועלכע דראַפּירען זיך אין אַ מאַנטעל פֿון׳ם זשאַרגאָנ׳ס פֿערטהיידיגער. „פֿערהיט מיך, רבונו של עולם, פֿון מיינע גוטע־פֿריינד, — פֿון מיינע פֿייגד וועל איך מיך אַליין איינהיטען״!..

דעם זשאַרגאָנ׳ס געגנער זענען איינפֿאַכע יודען אָהן פּוצען, אַ לאַ ליובאָשיצקי. וועגען זיי האָט נאָך רבי־קצין געזאָגט, אַז „דער אינסטינקט זאָגט זיי פּשוט אונטער, אַז נאָר אויף לשון־קודש זענען זיי ביי זיך אין דער היים, און ווען זיי זאָלען וועלען זייערע גרויסע אַנגעבלאָזענע „מאמרים״ איבערגעבען אין פּראָסט יודיש, אָהן די מליצות זייערע, וועט זיך אויסלאָזען אַ גאָר נישט, און אינגאַנצען וועט עס האָבען אַ פּנים עפּעס ווי חוזק״... זיי זעהן גאַנץ גוט, אַז דער באָדען גליטשט זיך אַרויס פֿון אונטער זייערע פֿיס. זיי זענען גענוג נאַאיוו, אום גאַנץ ערנסט צו מיינען, אַז אַנאַציאָנאַל־שפּראַך קאָן מען „מאַכען״, אַז מען קאָן אַ פֿאָלק אַנהענגען אַ שפּראַך, און עס וועט אָנהויבען אויף איהר צו רעדען; זיי זענען אָבער אויך גענוג פּראַקטיש, אום צו זעהען, אַז די זשאַרגאָנישע ליטעראַטור וואַכסט אויפֿ׳ן קאָפּ פֿון דער העברעאישער, און זיי טרעטען אַרויס אַנטקעגען דער ערשטער אָפֿען און מיט אַ שוים אויף די ליפּען. די אונזיניגע בעהויפּטונג, אַז דער זשאַרגאָן האָט קיין גראַמאַטיק נישט, פֿערוואַנדעלט זיך אין אַ פֿאָדערונג, אַז מען זאָל איהר קיין גראַמאַטיק נישט מאַכען. אויסערדעם,

שרייט דער ה׳ ליובאָשיצקי, „גיעט אונז אָב אונזער העברעאישע שרייבער, וועלכע דער זשאַרגאָן האָט צוגענומען, וועט איהר זעהען, וואָס פון איהם וועט ווערען!״... דער ה׳ קליפּ־קלאַפּ איז איהם מודה, אז דעם גראָסטען טהייל רייכטהום האָט דער זשאַרגאָן בעקומען פון די העברעאישע שרייבער? נאָר מען מיינט נישט, טרייסט ער איהם, מאַכען דעם זשאַרגאָן פאַר א נאַציאָנאַל־שפּראַך, מען אַרבעט גלאַט דערווייליע, אויף דער מינוט, ווייל מען קאָן זיך אָהן איהם נישט בעגעהן. אין דער טרייסט קאָן מען שטאַרק צווייפלען, דערמאַנענדיג זיך, אז די העברעאישע שרייבער נעהמען אַלץ מעהר אַנטהייל אין דער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור, אז די לעצטע פערטיעפט אונ פערטיעפט אונ פערברייטערט (אֶמת, נישט זיי צו דאַנקען...) איהר רעאַליזם אונ דעמאָקראַטיזם, אונ אז כמעט אַלע יודען אין רוסלאַנד פיהרען אויף זשאַרגאָן זייער געוואָהנליכעס, טאָג־טאָגליכעס לעבען. ה׳ ליובאָשיצקי ווייסט, וואָס ער שרייט; דער זשאַרגאָן אונ דער לשון־קודש זענען פיינד, בלוטיגע פיינד, אונ דער ערשטער וועט אויפגעריכט ווערען נאָר אויף די רואינען פון׳ם צווייטען, וועלכער שטערט אונ טאָרמאָזירט יעצט דעם רעגעלמאָסיגען גאַנג פון׳ם יודישען לעבען. נאָר דערווייל, אויף וויפיעל ס׳איז ריכטיג, אז אונזערע העברעאיסטען האָבען רייך געמאַכט דעם זשאַרגאָן אונ זיין ליטעראַטור, זעהט מען אַרויס פון דעם, וואָס די בעסטע ווערק אונ אויסגאַבען פון אַבראַמאָוויטש׳ן, ליניעצקי׳ן, שלום־עליכם׳ן, ספעקטאָר׳ן אונ פרץ׳ן האָבען זיך געלעזען אין אַלע ווינקעליך, ווען אונזערע העברעאיסטען האָט זיך נאָך דער זשאַרגאָן אפילו נישט געחלומ׳ט, אונ אפשר נאָך ווען פיעלע פון זיי זענען געזעסען אויף קאָסט אונ אָהן רעזולטאַט געבאָמבאַרדירט די העברעאישע רעדאַקציעס מיט זייערע קאָרעס־פּאָנדענציעס. יעצט אָבער, ווען זיי האָבען פערפלייצט די יונגע זשאַרגאָנישע ליטעראַטור, איז די שפּראַך פערערגערט געוואָרען, אין דער אָרטהאָגראַפיע הערשט נאָך א גראָסערע אַנאַרכיע, ווי פריהער, אונ א גאַנצער סויעד פון אידעאַליזירטע טיפּען, בעצוקערטע

יודען, איז אויסגעוואַקסען צווישען דער ליטעראַטור און לעבען. דאָס אַלעס האָט געבראַכט מיט זיך די אונגעזונטע אַטמאָספֿהערע פֿונ׳ם לשון-קודש. מיר האָבען געזעהען, ווי די העררען קליפּ-קלאַפּ און סירקין דענקען און ריכטען; מיר האָבען אויך געזעהען, ווי זיי רעדען און שרייבען. אַ זאָלכע פּערל, ווי: „אַוואָג ווי ער זאָל זיך דערוועקען פֿון זיין שלאָף", „דער זשאַרגאָן דאַרף איינעהמען אַנ׳אָרט", „דער צוועק פֿון די העברעאישע שרייבער בעשטעהט נור אויסצופּיינען"..., „אָבלעבען" אַנשטאַט „אויפֿלעבען", א. נ. א. — זענען אויך צווישען די געשאָנקען, וואָס דער לשון-קודש מיט זיינע שרייבער האָבען געגעבען דעם זשאַרגאָן. וואָס האָט מען זיך דאָ צו צערעמאָניען מיט אַ שפּראַך, וואָס דיענט אונז נאָר צייטליך, וואו מיר מאָגען נאָר אָנשפּייען און אַוועק געהן!... אמת, דאָס פֿאָלק רעדט אויף איהר שוין, ציוניזם און קולטור קאָן מען אויף איהר פֿערשפּרייטען, יעדער אידעע, וועלכע וויל זיך אָנגעהערען מיט׳ן לעבען, מוז צו איהר אָנקומען, — דערפֿאַר אָבער טויג זי מעהר אויף גאָר נישט... — אָט דאָס האָבען מיר דער ווייל בעקומען פֿון די העברעאיסטען. אויב דאָס הייסט רייכקייט, וואָס-זשע איז שוין אָרעמקייט?!.

פֿונדעסטוועגען, גאָר אין דער לעצטער צייט האָט זיך די לאַגע אָנגעהויבען אומאָנדערן. אין זשאַרגאָנישען לאַגער הויבען-אָן איבערגעהן די ווירקליך בעסטע יונגע טאַלאַנטען, מענשען, וואָס ליעבען ערנסט דאָס פֿאָלק און זיין ליטעראַטור, נישט ווי דער ה׳ קליפּ-קלאַפּ, וועלכער ענדיגט זיין אַרטיקעל מיט דעם לייכטזיניגען זאַטץ: „יעדען וויל מען זיך אַ טהייל נעהמען אין אָבלעבען אונזער פֿאָלק!"... — ווי ער זאָל זאָגען: יעדען ווילט זיך פֿערזוכען דעם קוגעל — אונזער נאַציאָנאַל-שפּייז!... עס בילדעט זיך אַ נייע ליטעראַטור, וועלכע איז דער ווייל נאָך אפשר אַביסעל אונרייף, נאָר געזונט און לעבענס-פֿול; עס ענטדעקען זיך ווייטע און ברייטע האָריזאָנטען...

נאָר וועגען דעם — אַנ׳אַנדערס מאָל.

ל. שפּירא.

# יָענְקִיל לֶעהֶרֶער.

(מאָנאָלאָג)

---

עפּעס זעצט זיך אויף מיר אַנ'אַנדער טאָג חי דער טייוועל ארויף, טאַקי דער טייוועל אליין, דען קיין אַנדערער וואָלט גאָר ניט אין שטאַנד געוועזען מיך אַזוי ווייט צו פֿאַרענדערען אַזוי איבער צו מאַכען מיך אין איין טאָג, אַז עס ווערט גאָר ניט צו ערקאָנען, גאָר ניט צו געפינען אפילו קיין האָר, קיין ברעקעל פון דעם געוויינליכען, באַקאָנטען „יענקיל לעהרער".

אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָהר, איך מיין צו זאָגען, ווען דעם טייוועל פֿאַרווילט זיך ניט אויף מיר אַרויף קריכען, בין איך אַ גאַנץ פריילִיך אידעל, אונ כמעט אַ וואויל אידעל, מיט אַ בלאַס־פּנימעל, מיט אַ פּאָר פֿייעריגע אייגלאַך, מיט אַ מיטעל־מאָסיג, קיילעכדיג בערדיל אונ מיט אַ זיס שמייכעלע אויף די ליפּען. איהר באַגעגענט מיך לויפענדיג איבערן טראָטואַר מיט אַ שטאָקעל אין דער האַנד, אַנ'אַלט קאַפּעליוש אויפ'ן קאָפּ, אין אַ פּאַפּירענעם קאָלנעריל אונטער'ן נעמבע. איך אייל מיך פון איין שילער צום אַנדערן אונ זעה, אַז די צייט פון מיין גאַנג זאָל איינגעשלונגען ווערען אונ עס זאָל, חלילה, ניט פֿעהלען צו די צוועלף שעות, וואָס זענען, אָדער וואָס ברויכען צו זיין פֿאַרנומען מיט ליעקציעס.

נו, היינט ווער רעדט שוין אין דער היים, דאָרט בין איך ־עמעלט גאָר ציקער־זיס · עס איז פון מיר אַלעמען, אי דער פלונית אי די קינדערלאַך, פשוט אַ מחיה נפשות. בײַ אַלעמען לויטערען זיך אויס די פנימער, עס גערט אַראָב דער וואָלקען, די חמאָרע פון די שטערענס, און אפילו די בלאָהקייט אונטער די אויגען קריגט אויך אַ בלאַסערען קאָליאָר. אַלע זענען אֶמת׳דיג גערען מיט מיר און איך מיט אַלעמען. איך קאָן אייך צעהן מאָהל אין אַ מינוט אַרום חאַפּען אַ קינד און דריקען איהם צו זיך, ווי איך וואָלט עס געוואָלט אין הערצען צו זיך אַריינעמען. איך קוש, איך האַלדז עס, איך וואָלט עס, דאַכט זיך, אײַנגעשלונגען, אַריין געצויגען זיין נשמה אין מיינער אָדער מיינע איהם אָבגעגעבען.

היינט האָט איהר נאָר באַדאַרפט חאַטש איין מאָל באַמערקען, אין אַזא געוויינליכען טאָג, מיינע אויגען! איך זאָג אייך, אַז עס איז אַנ׳אֶמתע מצוה אַריין צו קוקען מיר אין די אויגען. איך פיהל זיך, אַז מיין גאַנצעס הערץ, מיין גוטסקייט, מיין פריילינקייט, מיין מוטהיגקייט, אַלץ, אַלץ שפּיגעלט זיך דאַן אין מיינע אויגען. אַ והאָ־ראַיה אַז אַלע, אַלע קוקען מיר טאַקע ־עמעלט אין די איגען, אַלע קוקען און קוועלען גלייך ווי מיינע אויגען וואָלטען רעדען, וואָלטען צו געזאָגט אַלל־דאָס־גוטס, אַלע גליקען...

און אינוועניג, דאָרט בײַ מיר אין הערצען, איז אַזוי וואַרים, אַזוי היציג און אַזוי פריילין ווי אויף אַנ׳אמתע שמחה.

איך זאָג „אַנ׳אֶמתע שמחה" ווייל אַ שמחה צו אַ שמחה איז מהייל מאָהל אויך ניט גלייך: עס טרעפט, אַז אַ שונא זיצט בײַ׳ן טיש... און דאָ בײַ מיר — אַלע גוטע פריינד, אַלעמען האָב איך בשעת מעשה ליעב, אפילו די תלמידים, אפילו די בעלי־בתים און אפילו דער פלונית... צו אַלעמען ווייל איך זיין גוט, צו אַלעמען אָהן אַ יוצא מן הכלל און איך ווער פשוט אויף זיך אַליין בייז, פאַר וואָס האָט עס גאָר געטראָפען (און טאַקע אָפט) אַז איך בין צו זיי

נים אזוי ווי איך פיהל זיך אצינד. — פון היינט אן וועט דאס שוין בעשטימט נים מעהר טרעפען! — אונ וואס האט מען דען טאקי צו א קינד, אז עס וויל אנ'אנדערס־מאל נים לערנען? — ער איז דאך טאקי נאר א קינד, נו, אונ וועלכעס קינד וויל דען יא? — אונ אז א בעל־הבית איז נים אזא גוטער צאהלער, אונ אז ס'איז נים גרינג פון איהם דעם רובעל צו באקומען, ברויכט מען וואס? — זיין איהם א שונא, פלאזען זיך ווי א אינדיק אונ געבען אנצוהערענים? — ניין! פון היינט־מאל אן: צעהן מאל ניין! אונ וואס איז „דיי באמת נעבעך אלע מאל די כפרה אי פאר'ן תלמיד אי פאר די נים גוטע צאהלער? — וואס איז עס טאקי פאר א מיאוסע מאדע אוים צו לאזען אלץ, וואס עס קלייבט זיך אן אויפ'ן הערצען, צו ווייב אונ קינד? — ניין! דאס ברויכט אזוי נים צו זיין אונ ס'וועט מעהר נים זיין...

איך פיהל אין זיך א ווייכקייט, א צערטליכקייט, א רחמים־דיגע בקשה, מען זאל מיר מוחל זיין, מען זאל עס מיר נים רעכנען, מען זאל עס פארגעסען, אונ מיר דאכט, אז אלע לייגען דאס ביי מיר אין די אויגען אונ זענען מיר מוחל מיט'ן גאנצען הערצען. מיין שמחה ווערט ווידער פול אונ אומגעשטערט.

איך מאך זיך נאריש מיט די קינדער, איך וויטצעל זיך מיט „איהר" אונ פיהל זיך לעבעדיג, מונטער, זאגאר רייך. זיעבען קינדערלאך, זאלען מאריך ימים זיין, א קלייניגקייט? א קליינע עשירות איז עס? – אונ ווען מען גיט מיר פאר איינעם א מיליאן רובעל, נעם איך דען? — אונ „זי"? אזא גוט, אזא כשר ווייבעל געפינט מען גאר? זי מאנט עפעס ווען, ווי אנדערע, זי רעדט וואס? אונ די קינדער? — וואס פאר גוטע, אונ ליעבע!...

דאס הערץ צעגעהט זיך מיר. איך ווארף אנ'אויג אויף די קליידעלאך, הייזעלאך, שיכעלאך, היטעלאך... אלץ, אלץ ברויכט מען שוין לאנג אומצובייטען אויף נייע. זי האט אויך נים וואס אנצוטהון, נאר עס וועט זיין, עס וועט אלץ זיין„

איך וועל געווים מאַכען, ס'וועט זיין גוט — ניט געזאָרגט! אַלע אַרום מיר דערפֿיהלען מיינע רעיונות און איינציגווייז, טהייל־מאָל, אַלע צו זאַמען, הייבען אָן צו בעטען און ווייזען, ווער די הייזלאַך, ווער די שיכלאַך, די העמדעלאַך. זי איז אויך מסכים, אַז מען בעדאַרף, און איך אוראי, איך זאָג צו אַלעמען, איך זאָג צו מיט אַנ'אמת, איך רעד מיט אַ „כרחם־אָב". אויף די פּנימלעך ווייזט זיך אַ צופֿריעדענהייט, די אייגעלאַך פֿינקלען, די ליפּעלאַך לאַכען, און מען שלאָפֿט איין מיט אַסך, גאָר אַסך שטאָף פֿאַר'ן בעל־החלומות...

איך בעט יאייך זאָגט, אדרבה, וואָס וואָלט מיר געפֿעלט ווען איך פֿערמאָג אַ גאַנצען, קיילעכדיגען יאָהר אַזעלכע פֿרייליכע, לעבעדיגע מ׳אָג? און ווענען, צווישען זיך רעדענדיג, וואָלט עס געשאַדט? — ניט מיר, ניט מיין אָרעם געזינדעל, ניט קיינעם!... דער טייוועל אָבער האָט אויך אַ דעה און זאָגט זי דאָרט וואו ער קאָן.

אין אַ שיינעם אָדער אַ מיאוס'ן פֿריהמאָרגען ווערט אַנ'איבער־קערעניש, אַ תל פֿון אַלץ. טהייל מאָל ווייס איך אַליין ניט פֿון וואַנען און פֿון וואָס אויף מיר קומט די איבערקערעניש, ווער עס מאַכט אַ תוהו ובוהו פֿון מיין מוטה און פֿרייליכקייט. איך פֿיהל גאָר, אַז איך בין ניט דער, וואָס געוועזען. טהייל מאָל הייב איך גאָר ניט אָן צו וויסען, אַז איך בין געוועזען אַנדערש, איך גלייב גאָר ניט, אַז עס איז מעגליך אַנדערש צו זיין.

און באמת, ווי קאָן מען גאָר האָבען מוטה ביי אַזא חושכדיגען שטיקעל ברויט ווי פֿון לעהרעריי? — האָב מוטה זעהענדיג אַזא גרויסע, שיינע וועלט פֿאַר זיך, אַזעלכע ריעזיג־הויכע הייזער, אַזעלכע גלאַטיגע, ברייטע טראָטואַרען, אַזעלכע רייכע, רייצענדע געשעפֿטען, מאַסען מענער, פֿרויען, קאָציען, בריצקעס, טראַמוואַייען, אָמניבוסען, געטומעל און גערויש, און איך, יענקעל לעהרער, לויף, פֿליה אָהן אַנ'אָטהעם פֿון איין גאַס אויף דער צעהנטער, צייל די שטיגען ביז צום דריטען, פֿיערטען שטאָק און וואַרט אויף

„שבת-מברכים", ווי אַ איד אויף דער גאולה . . . און נאָך, און נאָך אַזוינע נאַרעשקייטען הייבען אָן צו קריכען אין קאָפּ, אַזש ער בייגט זיך, בּפּועל-ממש, אַראָב ביז צום ברוסט און נאָך נידעריגער, אַ שווערקייט לאָזט זיך פיהלען אין גאַנצען קערפּער, און די פיס הייבען זיך אָן שטעלען נעהענטער איינע צו די אַנדערע, ביז זיי הערען גאָר אויף צו פּאָלגען . . . איך געה שוין גאָר געלאַסען, דער קאָפּ טראָגט און שפּאַלט זיך אויף שטיקער.

און דאָ הייבט שוין אָן צו געהן איינס נאָך דאָס אַנדערס. עס פאַלט שוין אַ שטיינדעל נאָך אַ שטיינדעל, און יעדער טרעפּט גלייך אין קאָפּ.

דאָ — געקומען צו שפּעט, און מאַדאַם „ברען" קנייצט אויס מיט די ליפּען אַ מין סאָרט אַנדריגנוס: האַלב געשמייכעלט, האַלב געבייזערט — „פאַרשלאָפען זיך?! נו, עס טרעפט"! . . און דאָרט האָט דער תלמיד אַליין כח צו זאָגען: „איך וויל נישט — אַלע טאָג לערען איך איינסע און אַצינד איז שוין צוויי" . . . אין אַ דריטען אָרט געקומען אַ קוראַט צו מיטאָג, — „ציהט אויף אַ קליין ווייליגגע"! — איך ציה אויף דריי ווייליגגעס. איך זעטיג אָן די נאָז מיט אַלערליי ריחות פון בראָטען, זופּ און קאָמפּאָט, און דעם אויער מיט קולות פון פּוסטע רעד און נאַרעשען לאַכען . . . דער טאָג ווערט לענגער, ווי אַנדערע דריי און דער ווייזער אויפ'ן ציפער-בלאַט קריכט ווי פון פּעך! . . .

אַכט — נייען אַ זייגער אָבענד. איך געה שוין אַ היים. אַ ברוגז'דיגער, אַ פאַראומערטער. איך האָב אַלעמען אמת פיינד, איך קאָן די גאַנצע וועלט ניט ליידען: ס'איז אַלץ העסלעך, מיאוס, אַלץ איבריג, איך אַליין בין אויך איבריג . . . איך וואָלט וועלען זיין אַליין, גאָר אַליין, קיינעם ניט זעהן, קיינעם ניט הערען, קיינער זאָל מיך ניט ריהרען, קיינער ניט!

איך קום אַ היים — אַלע רוקען זיך פון מיר איינציגוויס אָב, אַלע פיהלען זיך עלענד. און מיך מיידען שוין אַלע אויס . . . איך זוך צו וואָס צו צובינדרען זיך, איך וואָלט וועלען אויס גיעסען מיין

ביטערקייט צו וועמען עס איז, חאָטש צו „איהר״, חאָטש צו אַ קינד . . .

— און וואָס האָבען זיי זיך, מיט אַנ'אֶמת, אַלע אויף מיר אָנגעהייגגען און — גיעב! און שטענדיג גיעב, דאָס — דאָס און דאָס — יענס? — איך בין שוין צו געשטאַנען, איך קאָן שוין נים מעהר טהון, — וואָס ווילען זיי פון מיר?!

און „זי״? — פאַר וואָס זאָל זי אויך ניט טהון? — אַ גרויסע פריצה איז זי ביי מיר! פאַר וואָס טהוען לייטעשע ווייבער? — איך וואָלט אויך אַמאָל וועלען אָברוהען, איך וויל אויך וויסען פון אַ לעבען! . . .

און וואָס פאַר פינסטערע נעכט עס הייבען זיך פאַר מיר אָן! וואו שלאָפען, ווען שלאָפען? עס קריכען עפּעס אין קאָפּ אַלץ, איינס נאָך דעם אַנדערען, אַזעלכע אונמוטהיגע רעיונות, נאַרישע זכרונות, אַלע ערגסטע צייטען פונ'ם לעבען, אַלע פעהלער וועלכע איך האָב ווען־ניט־איז געמאַכט ווידערהאָלען זיך און רייסען און צופּען דאָס הערץ, קלאַפּען אין קאָפּ און ציהען אויף מיר אַ וואָלקען, אַ רמארע, וואָס ועט אָט־אָט אוים גיסען אַ שלאַגט רעגען מיט דונערען, מיט בליטצען . . .

עס קומען מיר אַרויף אויפ'ן זינן אַלערליי געדאַנקען, וואָס איך שעם מיך גאָר אוים צו זאָגען, איך טאָר זיי גאָר נים אוים זאָגען . . . איבער הויפּט קלערט זיך מיר שטאַרק וועגען טויט . . .

— איך וועל שטאַרבען און — אַסוף! זאָלען זיי וויסען, זאָלען זיי חאָטש איין מאָל זעהן, אַז איך בין נים געוועזען משוגע, אַז מיר איז טאַקי באמת שווער געווען צו לעבען, אַז איך האָב נים געקאָנט לעבען . . .

עס פליהען מיר דורך אין זינען אַלערליי סאָרטען טוידטען און איך קוק אויף זיי אַזוי גלייכגילטיג, אַזוי קאַלט בלוטיג, אַזש איך שמייכעל אונטער פאַר הנאָה, פאַר נקמה אויף זיי — אַח, וועט זיי פאַרדריסען! . . .

נאָר „וועמען״? פאַלט מיר פּלוצלינג אַריין אין קאָפּ. „וועמען

**וועט פֿאַרדריסען״?** וועט איז דאָס די „זיי״? אויף **וועמען וויל איך** **עס** נקמה זעהן?!

איך וויל מיך דערמאָנען וועמען איך האָב דאָס **געמיינט**, **וועגען** וועמען האָב איך עס געטראַכט, אונ קאָן ניט. **איך** זוך, **איך** גראַבעל זיך לאַנג, לאַנג צווישען מיינע געדאַנקען, **ביז איך** **ווער** אַנטשלאָפֿען אונ שטעה אויף צו מאָרגענס **אַזוי מיעד**, **אַזוי** **אָבגעשוואַכט**, **אַז** דעם טייוועל אַליין טראָגט ניט **מעהר דאָס** **האַרץ** צו **פֿייניגען** מיך אונ... אונ איך הייב אָן, **ביסלעכווייז**, **ווערען** **ווידער** דער **פֿריהריגער**, באַקאַנטער וואָהל-**אידעל**...

משה ברכהן.



# אומעטיג ...

אומעטיג, קינד מיינס, צו לעבען אליין,
קאנסט אפשר קומען צו מיר! —
מיין צימער איז ארים, מיין צימער איז קליין,
האט א בעזונדערע טהיר, —
האט א בעזונדערע טהיר
נור קיינער, אוי, קלאפט ניט אין איהר.

אומעטיג, קינד מיינס, אך, אומעטיג, שווער,
און ווי נאר דער אבענד ער קומט
זיטץ איך—די אויגען צום טהיר, און איך הער
דער ווינד אזוי טרויעריג ברומט, —
דער ווינד אזוי טרויעריג ברומט,
און ס'דאכט מיר, אז עמיצער קומט..

א. רייזען.

---

אלטער גלויבען, אלטע האפנונג
ציהט זיך פון מיין הארץ ארויס—
אבגעוואהנט האט איהר דארט יאהרען,
יעצט איז אייער צייט שוין אויס!

כ'האב דערקענט אייך פאלשע שכנים, —
איהר פערשפערעט אלין זילבער, גאלד.
און איך בין שוין אלט געווארען
און איהר האט נאך נישט בעצאהלט..

א. רייזען.

# פאגאניני.

(נאך היינע'ס, אין פראזא).

---

אויף דעם גרויסען פאנא. . ,
פלעגט ארומגעהן א לעגענדע,
אז באהאלטען אין זיין פיעדעל
איז געלעגען די נשמה

פון דעם וואונדער־שיינעם מיידעל.
וואס געליעבט מיט אללע פלאמען
פון זיין דיכטער־זעלע האט ער —
און דערשטאכען פון גרוים יעבע...

פלעגט דער יונגער פיעדעל־שפיעלער.
דער מכשף פון דיא סטרונעס,
שלעפען זיפצען פון די הערצער,
ציהען טהרערען פון די אויגען;

פלעגט זיך הערען, ווי דאס ווייגען.
ווי דאס בעטען פון דעם מיידעל
פלעגט זיך טראגען אין דעם ווּפטען
איהר באטריעבטעם בלייכעם פנים...

ס'רעדט די פיעדעל, ס'בעט די פיעדעל
און דאס שעהנע מיידעל טענה'ט —
זוכט די אייפערזוכט צו שטיללען
פון דעם אויפגערעגטען קינסטלער —

שנעללער הערען באלד דיא קלאנגען.
יאגען זיך ווי מיט רציחה,
אונ עס פילדערט אונ עס שטורעמט
פאגאניני'ס ביזער ענטפער...

שנעלער, העכער, בייזער, ווילדער...
ביז די פיעדעל פלאצט פאנאנדער
אין א שטראם פון בלוט פערגאסען
אונ דאס חארחלען פון א גוסס.

מיט א מעססער אינ'ם הערצען
אויף דער ערד ליעגט די געליעבטע,
קוקט מיט טויט־פארגלאזטע אויגען
אויף איהר מערדער פאגאניני...

פלוצלינג הארכט... דיא טיעפע טענער
קרעכצען שווער אונ שווארץ־פערצווייפעלט...
אין א ים פון מרה־שחורה
טרינקט זיך ערגעץ א נשמה...

אויף דיא קניע שטעהט פאגאניני,
דריקט דיא הענד דעם טויטען מיידעל,
קוקט מיט ווילדע וויסטע בליקקען
אויף דעם בלוטיגען סטילעטא...

ס'איז צו שפעט שוין... זיין חרטה
גיססט זיך איבער אין א תפילה,
אין א הייססען שטיללען ווידוי—
מאכט צו וויינען די מלאכים...

מילדע , ווייכער, מאטטער, שוואכער –
ווערט דאס חליפען פון די סטרונעס...
א פערשטיקטער קרעכץ... א יאמער –
דאנן פארגעהט עס אין א מורמעל...

לאנגזאם שטארבען אב די קלאנגען,
קוים וואס אטהעמט נאך די פידעל...
פלוצלינג... האט א מחנה פייגעלעך
זיך אין זומער־וואלד צו־זונגען?...

פון דער פידעל רייסט ארויס זיך,
ווי א מיידעלשעס געלעכטער;
פאגאניני קוסט און צארטעלט
אין די ארעמס זיין געליבטע...

קוסט די שווארצע אויגען איהרע,
שטיפט און שפּיעלט מיט איהרע לאקען;
רוימט איהר איין אין אויער סודות
פון זיין גרויסער, הייסער ליעבע...

פון'ם בלאען זומער הימעל
קוקען צו די קליינע שטערען,
און ארום די גרינע בוימער
שאקלען, טרייסלען זיך פון תענוג...

— — — — — — — — — — — —

פלעגט דעם קינסטלער'ס פידעל וויינען.
פלעגט עס לאכען – שטענדיג האט זיך
דורכגעוועבט דורך אלע טרעלען
יעדער גלגול פון דעם מיידעל...

מִיט אַ כִּשׁוּף, זָאגְט מֶען, הָאט עֶר
אַיינְגֶעשְׁפַּארְט בַּיי זִיךְ אִין פִּידֶעל
אִיהְר נְשָׁמָה דַאמַאלְס, וָוען עֶר
הָאט עֶרְמָארְדֶעט זַיין גֶעלִיעבְּטֶע...

יהואש.

## עֶס טְהוּט מִיר בַּאנְג...

ווי עֶס ווִיעגְט דֶער ווִינְד דֶעם זַאנְג
הָאבּ אִיךְ דִיךְ אִין טְרוֹים גֶעוויעגְט —
וַואכֶענְד בִּין אִיךְ נָאךְ עֶנְטְצִיקְטֶע — —
עֶס טְהוּט מִיר בַּאנְג, עֶס טְהוּט מִיר בַּאנְג!..

הָאסְט פֶּערְגֶעסֶען גִיךְ דֶעם, קְלַאנְג
פוּן דִי זִיסֶע — הֵייסֶע קִיסֶען, —
גִיךְ עֶרְוֶועקְט הָאט אוּנְז דָאס ווִיסֶען —
עֶס טְהוּט מִיר בַּאנְג, עֶס טְהוּט מִיר בַּאנְג!..

גִיךְ אַוֶועק אִיז דֶער גֶעדַאנְק.
דָאס שְׁטִילֶע לִיעד, דָאס שְׁטִילֶע גְלִיק...
דֶער חָלוֹם קוּמְט שׁוין נִיט צוּרִיק —
עֶס טְהוּט מִיר בַּאנְג, עֶס טְהוּט מִיר בַּאנְג!..

דָאךְ לֶעבּ אִיךְ נָאךְ מִיט דֶעם גֶעדַאנְק
פוּן מַיין יוּנְגֶען אָדְלֶער-שְׁוֶועבֶּען —
וָואס מֶען קָאנְן אוֹיפְס נַיי נִיט לֶעבֶּען
דָאס טְהוּט מִיר בַּאנְג, דָאס טְהוּט מִיר בַּאנְג!...

ב. ארענשטיין.



מאריס ראזענפעלד

## אַין צוּג.

...כְ׳בִּין אַמָאל אִין צוּג גֶעפָאהְרֶען,
כְ׳בִּין נָאךְ דַאנְן אַ קִינְד גֶעוֶוען...
כְ׳הָאבּ אַרוֹיסגֶעקוּקְט פוּן פֶענְסְטֶער
אוּנ אַ מֵיידֶעלֶע דֶערְזֶעהן...

אוֹיף אַ וֶועגֶעלֶע אַ שְׁמָאלֶען,
טִיעף פֶערְשְׁלֶענְגֶעלְט אִין דִי זַאנְגֶען,
וֶועלְכֶע שְׁטֶעהֶען פִיר דִי רֶעלְסֶען,
אִיז זִי טְרוֹימֶערִיש גֶעגַאנְגֶען.

סְ׳הָאט דֶער הִימֶעל בְּלוֹי גֶעלוֹיכְטֶען,
וִוי אַ בְּרֵייטֶער יַם, אַ שְׁטִילֶער;
אוּנ דִי לוּפְט – גֶעבְּרֶענְט וִוי פַייֶער,
סְ׳הָאט קֵיין ווִינְד גֶעמַאכְט זִי קִיהלֶער.

אוּנ דֶער צוּג הָאט זִיךְ גֶעטְרָאגֶען,
אוּנ דִי עֶרְד צוּרִיק גֶעטְרִיעבֶּען;
גְרִינֶע פֶעלְדֶער, הוֹיכֶע וֶועלְדֶער
זֶענֶען הִינְטֶען אַלְץ פֶערְבְּלִיעבֶּען.

אוּנ דָאס הַארְץ הָאט זִיךְ גֶעהֶעבֶּען,
וִוי עֶס וָואלְט אוֹיף עֶפִּיס הָאפֶּען...
מִיט דֶעם צוּג צוּזַאמֶען זֶענֶען
מַיינֶע טְרוֹימֶען גְלַייךְ גֶעלָאפֶּען...

אוּנ עֶס הָאבֶּען זִיךְ צֶעזוּנְגֶען
אוּנ צֶעטַאנְצְט זִיךְ דִי גֶעפִיהלֶען,

ווי עס וואלטען אין מיין הארצען
קלעזמער פרעהליך ליעדליך שפיעלען...

כ'האב פיר נחת, כ'האב פיר ליעבע
דאנן געוואלט פון פענסטער שפרינגען.
איבער אלע פעלדער לויפען,
אונטער הייכען הימעל זינגען!..

און דער צוג האט זיך געטראגען...
כ'האב זי מעהר שוין נישט געזעהן.
שפעטער איז די נאכט געקומען —
אויפ'ן הארץ איז שווער געווען...

דוד קאסעל.



# געדאנקען.

## די זיידעס און די אייניקלעך.

---

און די זיידעס זענען געגאנגען פאמעלעך, און די אייניקלעך לויפען.

בעלות-השחר האבען זיך די זיידעס אין שוהל געשלעפט, דארטען האבען זיי אלאנגע תפלה געהאט מיט תהלים און מעמדות, מיט א שטיק פון „חק-לישראל", מיט א פרק משניות, מיט א שיעור גמרא. מען פלעגט קוים צו האלבען טאג צוריק א היים קומען.

מען האָט נור צייט געהאַט „אָבצוחאַפּען" דעם הארטען שטיקעל ברויט מיט א קארטאָפעל, אריין לויפען צום פריץ וועגען דעם מיהל, צו די קרעטשמע, א בליק געבען, ווי דער לייזינג געהט ביי דעם ווייב אין שענק, צו אין קראָם, — האָט זיך שוין די זונן אויפ'ן שוהל-דאַך געניעדערט און האָט שוין ווידער גערופען צו מנחה. און באלד האָבען זיך די שטערען אויפ'ן הימעל געוויזען, א קוראַט געבען שוהל-טהיר, און האָבען פון שוהל ניט אַרויס געלאָזט ביז נאָך מעריב און ביז וואַנען דער „רבי" וועט אָבזאָגען — און אַזוי איז דער טאָג אַוועק ביי די ייִדעס.

און מיט די חנוכה-ליכטלעך און לאַטקעס, און מיט די פורים'דיגע גראַגערס און המן-טאַשען איז ביי זיי א פרעהליכער און א לייכטער ווינטער אַראָב; און מיט די אומעטיגע ספירה-טעג, מיט „דריי-וואָכען", ניין-טעג", מיט קינות און תענתים, איז ביי זיי אַנ'אומעטיגער א שרעקליכער זומער אראָב.

עפּיס פלעגט ביי די ייִדעס אַזוי אויסקומען, אַז זייער שמחת-תורה האָט אין די אָפּענדיגע רעגען אריינגעצויגען, נאָכדעם, אַז מען האָט שוין פון אַלע רימעלעך די בלעטעלעך אַראָב געקלאַפּט.... און שמחת-תורה איז דאָך אַזא יום-טוב, אַזא שמחה!

און מיט די פרעהליכע ווינטערס און אומעטיגע זומערס זענען ביי זיי די יאָהרען אַוועק. א יאָהר נאָך א יאָהר, ווי א וואָלקען נאָך א וואָלקען האָט זיך געצויגען פאַמעליך-פאַמעלעך.

און אַמאָל :. א לעדיגע שעה צו פורים פאַר דער מגילה, אין בית-המדרש, צו טאָקי תשעה-באָב אין תענית, אויסגעצויגען אונטער א בוים אויפ'ן בית-עולם, פלעגען די ייִדעס זיך צו-זאַמען ריידען און צונויפנעמען נדבות פאַר אָרמע, צו גרינדען א חברה, אָדער גאָר ...יפטהון א הקדש צובויען. און מע האָט „שקלים" געוואָרפען — גרויסע גלאַטע גראָשענס אין דעם גבאי'ס צינענער טעלער, און מע האָט „פדיון" געגעבען — א קאָפּיקע פאַר היי מענשען אין אַרויטען פאַטשיילעכעל.

אזוי האָבען די ויידעס געלעבט, אונ זייער וועלטיל געפיהרט.
זיי זענען געשטאָרבען. אונ גרויסע בוימער מיט געדיכטע צווייגען בעדעקען זייערע קברים, אונ גיבען זיי אָב דעם טונקעלן שאָטען, וואָס זיי האָבען געגאַרט אונ פערדיענט אין זייער שטילען, רוהיגען לעבען. זיי זענען פאַמעליך געגאַנגען, אונ ליגען יעצט שטיל — —

---

זייערע זיהן האָבען זיך פון אָרט ניט געריהרט.
די ירושה, וואָס זיי האָבען פון די „ויידעס" בעקומען, האָבען זיי רוהיג געלאָזט פוילען, שימלען אונ צעפאַלען.
ווי די שטומע האָבען זיי אויף דעם געקוקט, אונ ניט אַרויס געזאָגט אפילו אַוואָרט, צו גוט, צו שלעכט.
זיי האָבען דעם הקדש דערוויסט, אונ זיי האָט גיט געאַרט, אַז ער זאָל בלייבען. זיי האָבען איהם, חלילה, ניט פערדונגען אויף אַ שפייכלער, אָבער זיי האָבען אויך זיין אַראָבגעריסענעם טהויער ניט אויפגעהאָנגען אונ די אויסגעהאַקטע שויבען ניט אַנגעגלאָזט. זיי האָבען איבערגעלאָזט אַלעס, ווי עס איז געווען, נור פון דערווייטענס, זיי זענען אפילו נאָהענט ניט צוגעגאַנגען.
זיי זענען געשטאַנען אויף זייערע ערטער, ערגיץ אַנדערש וואו, אונ האָבען זיך גאָר מיט עפּיס אַנדערש בעשעפטיגט. נור אַז די אַלטע שוהל האָט זיך מטריח געווען צו זיי, אונ אונטער די נאָז זיי צו־געטראָגען די צינענע טעלער, האָבען זיי אויך געוואָרפען די אַלטע גלאַטע גראָשען. אַ מזל, וואָס ביי דער אַלטער שוהל אין „קאַסטען" האָבען זיך געפונען די גלאַטע גראָשענס, וואו זיי פלעגען שטענדיג צו טו־שען זייערע קאָפּיקעס... אונ אַז דער קאַליקער הקדש פלעגט צופויזען צו זיי אונ אָנשטעלען אַ רחמנות'דיגע מינע אונ דערלאַנגען דעם רויטען פאַטשייליבעל, פלעגען זיי איהם אַרויס יואַרפען זיין נדבה — —

און דער בײ פלעגען זײ קלעהרען, אז זײ טהוען דאָס אין די זײדענס נעמען — פאַר זײ און צו ליעב זײ. דאָס איז בײ זײ געװען אַ מין יאָהר־צײט, אַ קדיש נאָך אַ געשטאָרבענעם —

די זיהן אָבער זעלבסט זענען גאָר און גאַנץ פערנומען און פערטהון געװען מיט'ן מסחר: איך האנדעל, דו האַנדעלסט, ער האַנדעלט — מיר האנדלען...

װאָלד, פלאַקס, פריץ, װעקסעל. דאָס האָט געקלונגען און פערהילעכט אַלע שקלים —

און די זיהן זענען שױן אַלט, פאַר דער צײט אלט געװאָרען, און די אײניקלעך טרעטען אַרױס —

---

און די אײניקלעך שטעהען ניט אױף אײן אָרט.

די אײניקלעך לױפען און יאָגען.

דאָס היטציג בלוט פליעסט בײ זײ האַסטיג, אַלע גליעדער זענען בעװעגט, דער געדאַנק יאָגט אין מח און דער רצון שלײדערט אין ברוסט, װי די װעלען אין ים. אַלעס זעהן און בעטראַכטען, איבער אַלעס אַ מײנונג צו זאָגען: גוט, צו שלעכט, צעשטערן און בױען — צו דעם האָבען זײ אַ געװאַלטיגען פערלאַנג. עהדער מען רופט זײ װאו אַהין, זענען זײ שױן דאָ; עהדער מען פרעגט זײ — זאָגען זײ זײערע עצות. דאָס אױג איז בײ זײ ברײט אָפען און דער בליק איז גענוג שאַרף, צװעהן אין די פערבאָרגענע װינקעלעך; די אױערן האָרכען אַ מינדסטען גערױש — הכלל: עס דיענען זײ אַלע חושים, און זײ בענוטצען עס טאַקע.

חבֿרה קונדײסים טהוען אַלעס. מען האָט אַבלעטער געגעבען רעם מאַטענס רײסטער, און מען האָט געפונען צו „געשטעלטעס" געלד און ניט פערשריעבענע װאָכערן... מען האָט אַ קלעטער געטהאָן אױפ'ן הקדש־דאַך, איז מען שיער ניט אַרונטער געפאַלען

אין באַרג אַריין: עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז די ברעטלעך זענען דורכאויס צופּוילט און ווי צערונען געוואָרען, נור דער גרינער שימעל פון אויבען האָט געווען צוגעדעקט... און אין שול האָבען זיי געפונען „שמות" און „שמות", אַז ווען אפילו מען זאָל אַנלאָדען פּיערציג טויזענד קעמלען אויף אַמאָל מיט פיערציג פוד משא יעדען קעמעל — וועט מען נאָך אַלץ די „שמות" ניט אַרויס פיהרען...

און וואו די אייניקלעך קעהרען זיך און ווענדען זיך, געפונען זיי אַנ'אונגעהייערע אונאָרדנונג, אַ מישמאַש פון וויסטעניש, ווי נאָך אַ שרפה אין אַ שטורעמדיגער נאַכט... דער גאַנצער פּלאַטץ האָט אַ שרעקליכען אויסזיכט — דאָ איז אויסגעברענט און דאָרטען איז אָנגעוואָרפען און אָנגעשליידערט, ווי די וואַנדער־פּעק געבען גרענעץ, ווי די אַרויסגערעטירטע קלומיקלעך נאָך „אַ פּאָגראָם"...

דאַמאָלס איז אַ געפילדער געוואָרען, קולות ביז צום הימעל, און צומישטע קולות, — אַלע צוזאַמען און יעדער בעזונדער שרייט און ליאַרמט.

ראשית איז מען געפאַלען די „טאַטעס" מיט זידלעריי און פאָרווירפע: —„סטייטש, מע זאָל דאָס אַזוי אָבלאָזען אַ בנין!.. מע זאָל אַזוי פיעל פערשטיינערט ווערען און אויסגעטריקענט זיין, אַז עס זאָל ניט אַרען און ניט ריהרען „קיין קלאָג און קיין בראָך"...

און פאַר כעס אויף די „טאַטעס" האָט מען געחאַפּט לויבען און ריהמען די „זיידעס", אפילו ווען דאָס איז ניט אַזוי נייטיג געווען. די אויגען, וואָס האָבען זיך אָנגעלאָפען פאַר כעס, האָבען זיך אַוועק געקעהרט אין דער זייט, אַהין, וואו דער בית־עולם איז, און זיי האָבען אַהין מאָדנע קלעמענדיגע בליקקען געשיקט, און טרעהרען זענען טמילא פון די אויגען געפאַלען —

און אַנדערע האָבען צובייטען, צו פון יאָגעניש, צו פון קורצזיכטיגקייט, נור זיי האָבען געמישט די „טאַטעס" מיט די „זיידעס אַ מאָל האָבען ביי זיי אַלע אויסגעזעהן ווייס, ווי די

תכריכים פֿון אַ מת, און אַ מאָל אַלע שוואַרץ, ווי דעם טייוועלס נאַכטיגע קלייד —

און די אייניקלעך ברענען און יאָגען אַרום: זיי ווילען טהון, זיי ווילען בויען, זיי ווילען נייע בנינים, זיי ווילען די אַלטע חורבות צורעכט מאַכען —

און זייער ווילען איז אַ גוטער, אַ שטאַרקער, אַ ריינער און אַ היילִיגער.

פֿערשטעהט זיך, אַז צווישען די שרייענדע און לויפֿענדע, געפֿינען זיך אויך אַזעלכע יונגע לייטלעך, וואָס זענען אַלטע פֿון געבוירען, וואָס זענען ווי די „טאַטעס", און האָבען זיך אין דעם געטומעל אַריין געשפּאַרט צוליעב אייגענע פֿערבאָרגענע פּניות... עס האַנדעלט זיך דאָ וועגען בויען און איבערבויען, ווי מען זאָגט עס, וועגען געשעפֿט, אֶפשר וועט מען זיך דאָ אַריין מישען אַלס סרסור, אַלס מעקלער, צו גאָר פֿאָדריאַדטשיק ווערען... וואָס וועט מען צו לעגען ביי דעם? וואָרום זאָל דאָס זיין ערגער פֿון אַלע געשעפֿטען? —

אָבער אויסער די פֿאַלשע אייניקלעך מיט דעם „טאַטענס" היטעל אויפֿ'ן קאָפּף און דעם „טאַטענס" געדאַנקען אין קאָפּף, זענען נאָך דאָ פֿיעל עהרליכע ערנסטע יונגע-לייט, אמתע אייניקלעך — די „זיידעס" געטרייע יורשים, וואָס ווילען טהון און טהון.

נור די וועהע-געשרייען הערען זיך פֿון עק וועלט ביז דעם צווייטען און דאָס קינד ווערט נאָך ניט געבוירען... מען יאָגט אַרום און מע שרייט: בויען! איבער בויען! אַ הין! אַ הער! נור דער פּלאַן איז ניט אויסגעאַרבייט, דער אַרכיטעקטאָר איז נאָך ניטאָ.

עס איז נאָך ניט געקומען דער אַרכיטעקטאָר און האָט נאָך דעם פּלאַן ניט געבראַכט. מען לעגט פֿאַר דערוויל די אייגענע היימישע פּלענער. דערווייל איז אַ רעש און אַ שטורם.

נור קיין בייז ניט. אלעם וויכטיגעם האט פאראוים הכנות. אפילו די אלטע יודישע זמירות פלעגט זיך אנהייבען פון א„פאר־שפּיעל". עהדער מען זייעט, אקערט מען, און עהדער מען שקערט, מיסטיגט מען. עהדער די זונן געהט אויף, גרויט דער הימעל — עס בעגינט —

אפשר וועלען די אייניקלעך מיט זייער ארום יאגען און געשרייען ארויסרופען דעם ארכיטעקטאר מיט'ן פלאן?

בעגריסט די „אייניקלעך" און גיבט זיי אב אבריטען שלום־עליכם! —

ליפמאן־לעווין

---

• •

די שפּרינג פון לעבען, ווי פון קייטען,
ענג... איך קוק אויף אלע זייטען:
גאסען... הייזער... און זיי דריקען
און זיי שטעכען מיך פון נייטען...,

און איך האלט צעשטעלט די פויסטען:
מיט א קללה צו דעם לעבען,
און מיר דאכט זיך, אז א שטילע
רעדט: איך קען דיר גאר נישט געבען"...

די געדאנקען מיינע פליהען,
ווי פון ווינד צעשפּרייטע זעגעל.
וואס איך דארשט און וויל דערגרייכען,
האט עס שפּיציג, שארפע נעגעל...

דוד קאסעל.

---

# פֿאַהרענדיג.

---

ערב יום־כפור דריי דעם זייגער. סאַליצע נעמט די קרויז־שער מיט וועלכע זי האָט זיך נישט לאַנג די האָהר פֿערקרויזט אונ לייגט עס אוועק הינטער דעם שפּיעגעל, עפֿענט אָפֿען דעם שופֿלאָד פֿון איהר טישל אונ שטעלט אוועק דאָס קעסטילע פּודער מיט דעם פֿלעשעל אָדעקאָלאָן, וואַרפֿט אַ בליק אויף דעם שפּיגעל, נעמט דעם שירם, שליסט צו די טהיר אונ לויפֿט פֿון די טרעפּ אַראָב.

דער סטרוזש האָט איהר דאָס טהירל געעפֿענט, זי האָט איהם דערלאַנגט אַ זילבערנע מטבע אונ ער האָט זיך פֿאַר איהר פֿערנייגט.

— פּוהרמאַן! האָט זי אַ געשריי געטהון אויף פּויליש אונ אַ דראָזשקע איז צום טהויער צוגעפֿאָהרען.

— האָטעל פּאַריז! האָט זי צום פֿוהרמאַן געזאָגט זיך זעצענדיג אויף דער דראָזשקע.

היינט, האָט איהר די בעל־הביתטע געזאָגט, קען זי לענגער פֿערבלייבען מיט דעם גאַסט, היינט, די נאַכט פֿון כּל־נדרי, וועט דער זאַל זיין געשלאָסען.

— פֿאַרט יודען, טראַכט זי זיך, פֿון יום־כּפור האַלטען זיי דאָך.

פֿאַר אַ יאָהרען, בשעת זי איז נאָך ביי דער באָבען געוועזען,

דערמאנט זי זיך האט זי נאך געפאסט און היינט, הײנט, פאהרט זי צו כל־נדרי אין האטעל פאריז צום גאט.

די באבען האט סאליצע ליעב, ווי דאס לעבען, די מאמען איהרע געדענקט זי נישט, זי איז געבליבען א יתומה, ווען זי איז צוויי יאהר אלט געווען, דארט אויף דעם פארשטאדט ביי די באבען אין קליין דאך־שטיבעל האט זי זיך אויף געהארעוועט.

— נאר איך האב לענגער ביי דער באבען נישט געקענט בלייבען, די באבע האט קוים געהאט פאר זיך צו עסען, — זי האט דאס לעצטע פערזעצט, פערקויפט און מיר געמאכט א שוך, א קלייד. איך האב געמיוט זיך שטעלען דיענען, צום טאטען ביי דער שטיף־מאמען האב איך נישט געקענט צוריק־געהן, איך האב עפעס געהאט איין אנדער ברירה?

און די באבע שטעהט איהר פאר די אויגען.

אלט און שוואך איז זי, פערהוסט זיך ביי יעדעס ווארט, נאר ווי ליעב האט זי איהר געהאט, ווי גוט איז זי צו איהר געווען, אין מיטען נאכט פלעגט זי אויף די שפיטץ פינגער צו איהר בעט צוגעהן, זעהען אויב זי שלאפט גוט, איהר צודעקען מיט וואס זי פלעגט נאר האבען, טאמער איז איהר קאלט.

און דערנאך, אז זי האט זיך געשטעלט דיענען פלעגט זי זיך אויך, חאטש אויף א פאר מינוט, אראב חאפען צו דער באבען, זי פלעגט אפילו יעדעס מאל בעקומען דערפאר א פארציע פון דער בעל־הביתטע, נאר קוים האט זי צייט געהאט האט זי געטווזט צו לויפען צו דער באבען, עס האט איהר געצויגען, געריסען צו דער אלטער באבען. און די באבע פלעגט איהר מיט די דארע הענד ארום נעמען און צו איהר איינגעפאלען ברוסט צוקוועטשען און זיך ווי א קליין קינד צוחליפען איהר קושענדיג.

נאר זייט זי איז דא פערפיהרט געווארען דורך דעם לאבעס וואס האט איהר צוגעזאגט מיט איהר חתונה צו האבען, איז זי נאך קיינמאל ביי די באבען נישט געוועזען. ווי קען זי זיך פאר איהר ווייזען, וואס קען זי איהר זאגען?

און איהר ווילט זיך שטארק זעהען דער באָבען, זי האָט זיך נאָך איהר שטארק פערבענגט. זי פיהלט עפּעס א מין קלעמעניש אין הארץ.

— ווער ווייסט — טראַכט זי ווייטער — וואָס די באָבע מאַכט, ווער ווייסט אויב זי לעבט נאָך גאָר.

א שוידער נעמט איהר דורך אלע ביינער.

ווי וואָלט זי איצט וועלען ליעגען ביי די באָבען אויפ'ן האַלז, זי וואָלט זיך פאר איהר דאָס גאַנצע הארץ אויסגעוויינט, עס וואָלט איהר אראָב אלע שווערע שטיינער.

— אָבער טאָר איך דאָס טהון, טאָר איך זיך ווייזען פאר דער באָבען?!

און זי דערמאָנט זיך, ווי די באָבע פלעגט איהר צום הארצען צו דריקען, איהר געגלעט די האָר, זיי ארומגעוויקעלט ארום איהר האַלדז און דעם ברעג פון די האָהר צוגענומען צום מויל און געקושט, און דאָס הארץ צוגעהט איהר פון בענגשאַפט.

זי וויל אָנהויבען טראַכטען פון עפּעס אנדערש, זי פערקוקט זיך אויף די הויכע מויערען, קוקט אויף די אויסשטעלונגען אין די פענסטער, זי וויל בעטראַכטען די סחורות, וואָס זענען דאָרט אויסגעשטעלט, זי קען אָבער נישט, דער פוהרמאַן יאָגט שנעל פערביי. זי וויל איהם בעטען ער זאָל נישט אזוי טרייבען, זי האָט אָבער נישט קיין מוטה צו רעדען צו איהם.

די דראָזשקע איז אריינגעפאָהרען אין די יודישע גאַסען.

און היינט זעהען די גאַסען אויס אנדערש, ווי א גאַנץ יאָהר.

ביי די געוועלבער שטעהען די בעלי הבתים און לעגען נערוויש ארויף די אייזענס אויף די טהירען, אויף די גאַנצע גאַס האַקט און קלאַפּט, אלע איילען זיך וואָס גיכער צו פערמאַכען, קיין ווייבער מיט קוישען אויבס זעהט מען נישט. די גאַס איז ווי אָבגעקעהרט, א שטילער פּחד פאַלט אויף דער גאַנצער געגענד. די זונן שטעהט הויך אין הימעל און קוקט, אזוי ליעבליך אזוי פריינדליך אויף די ליידיגע גאַסען, און שטיל און פריינדליך קוקט

זי אויף די דראָזשקעס אין וועלכע עס זיצען מאַנן און ווייב און
האַלטען אין שוים זייערע אויסגעצוואָגענע, אַרומגעוואַשענע קינדערלעך.

— דאָס פאָהרט מען זיך בענשען — טראַכט זיך סאַלצע —
די קלייניניקע קינדערלעך האָבען זיך אָנגעטהון אין נייע קליידעלעך
און שירצעלעך און פאָהרען מיט טאַטע מאַמען צום זיידען, צו דער
באָבען זיך בענשען.

און זי דערמאַנט זיך די ערב יום כפור'ס, ווען זי איז נאָך
אַ קליין קינד געוועזען. די באָבע פלעגט אוועקשטעלען אַ גרויסע
ווערקסענע ליכט אין אַ לייהמען טעפיל מיט זאַמד, זיך איינהילען אין
אַ ווייסע טוך, זיך איבערטהון זאָקען, זי אַרויפנעהמען אויף דער
האַנד און איהר קושען, קושען און ווייגען, ווייגען און קושען.
און יום כפור פלעגט די באָבע קומען אַ פּאָר מאָל איהר שטום
דערלאַנגען עסען, שטום איהר גלעטען די האָר אָבער קושען
פלעגט זי איהר נישט.

דענסטמאָל פלעגט זי זיך דערויף וואונדערען. שפּעטער האָט זי
זיך דערוואוסט אַז יום כפור טאָר מען נישט קושען קיין קליין קינד.

און דאָס בענקשאַפט נאָך דער באָבען ווערט נאָך שטאַרקער.

זי הויבט זיך אויף פון אָרט, וויל זיך צובויגען צום פוהרמאַן,
זי האָט אָבער באַלד חרטה און זעצט זיך צוריק.

און די דראָזשקע שטעלט זיך אָב.

אַ גאַנצע שורה דראָזשקעס ציהען זיך לייננס די גאַס, צווישען
די דראָזשקעס שטעהען אויך אַפּאָר טראַמוויען און די גאַנצע מחנה
דראָזשקעס וואַרטען עס זאָל לײדיג ווערען דער וועג.

און סאַלצע פערקוקט זיך אויף דעם זאַקסישען גאָרטען, פאַר
וועלכען די דראָזשקע איז שטעהען געבליבען.

דורך די אייזערנע שטאַכעטען זעהט זי אַ גרויסע קופּע געלע
בלעטער. דער ווערכטער שטעהט מיט אַ לאַנגען בעזעם און קעהרט
די געלע בלעטלעך, וואָס זענען אָהן כחות פון די בוימער אַראָב
געפאַלען, עס הויבט זיך אויף אַ לייכט ווינטעל און עס הויבט
אויף אַ גאַנצע מחנה געלע בלעטער און צובלאָזט זיי איבער די

גאנצע אלע. זיי זעהען אוים ווי זיי וואלטען אנטלאפען פון א שונא, וואס יאגט זיי נאך. סאילצען דאכט זיך, אז דאס זענען נשמות, פערבלאנדזשעטע נשמות, וואס האבען מעהר אין גארטען קיין ארט נישט און דער קלענסטער ווינד האט איבער זיי א דעה צו יאגען און צו טרייבען, און דערנאך קומט א גרויסער ברודיגער וואגען. און מעןווארפט די געלע בלעטער, די געפאלענע נשמות, אריין אין ברודיגען וואגען און מען שיט זיי אוועק ערגעץ הינטער דער שטאדט, וואו אלע שמוטץ, וואו אלע אומריינקייט זענען.

און א שרעקליך ביטער געפיהל בעהערשט איהר און דאס הארץ קלעמט און קלעמט.

— ניין, איך וועל אין האטעל נישט פאהרען, איך וועל פאהרען צו דער באבען.

די דראזשקעס האבען זיך אנגעהויבען צו ריהרען, צו ערשט לאנגזאמער, דערנאך אלץ געשווינדער און געשווינדער.

און סאילצע הויבט זיך אויף שטעקט אוים איהר שירם און קלאפט מיט דעם עלפענביינענעם הענדטיל אויף דעם פוהרמאנס רוקען.

דער פוהרמאן קערט זיך אום.

זי שווייגט.

— וואס וויל די פאניע? פרעגט דער פוהרמאן.

— פאהר נאך דעם שילעץ, נומער 76.

זי מוז פאהרען צו דער באבען. די באבע וועט איהר בענטשען, זי גלויבט, אז די באבעס ברכה וועט טהון נסים און זי וועט זיך פון דארטען ארוים רייסען.

דער פוהרמאן קעהרט אום די דראזשקע און פאהרט אריין אין איין אנדער גאס.

סאילצע שטעלט זיך פאר די שמחה, וואס ביי די באבען וועט ווערען, אז זי וועט איהר דערזעהען. ווי זי וועט איהר ארומנעמען און פאלען קושען, און זי הערט ווי די באבע אטהעמט פאר גרוים שמחה.

פלוצים דערמאָנט זי זיך אָבער, אז זי גערט אָנגעטהון אזוי רייך, אין אַ ווייסען קלייד מיט גאָלדענע רינגען מיט בריליאַנטענע אויריינגלעך.

זי שווידערט צוזאַמען.

— גיין איך טאָר צו איהר נישט פאָהרען, זי וועט אַלץ פערשטעהען.

אונ ווידער קלאַפּט זי מיט דעם עלפענביינענעם הענטשיל דעם פוהרמאַן אין רוקען אונ ווידער קעהרט זיך דער פוהרמאַן צו איהר.

— ווען נישט די טהייערע קליידער מיט די צירונג וואָלט זי געלעגען באַלד ביי די באַנען אין שוים אונ געוויינט, אָה ווי גוט איז, אז מען קען וויינען!

— וואָס וויל ווידער די פאַניע?

— פאָהר צוריק אין האָטעל פּאַריז!

— צום טייוועל! שפּורטע!.., קריצט דער פוהרמאַן מיט די צייהן. נישט איין מאַ אָפּאָלקע האָט זי היינט געמוזט אַריינ־טרונקען...

ישראל שאַפּ



# א קאנגרעס פון פערליעבטע פארלעך

(א ווילדע מעשה).

## פון בעל מחשבות

א מאל איז געווען א פילאזאף...

ווען מען האט איהם געפרעגט: ווער ביסט דו? פלעגט ער ענטווערען: א חבר פון דער גרויסער משפחה „מענש".

ווען מען האט איהם געפרעגט: וואס קלערסט דו וועגען די יודענפראגע? פלעגט ער ענפערען: עס איז נימא קיין יודענפראגע, נאר א קריסטענפראגע.

און, אז מען פלעגט איהם דערצעהלען די מעשה מיט המן'ען, פלעגט ער זאגען: איהר געדענקט שטענדיג המן'ס שנאה, און פערגעסט דערביי אז אסתר איז געווארען א מלכה און מרדכי משנה למלך.

געלעבט האט ער אין א גרויסע דייטשע שטאדט, ארעם, פערגראבען אין שטויב פון זיין ביבלאטהעק.

אין די יונגע יאהרען האט ער געהאט אסך תלמידים. זיי פלעגען קומען צו איהם אויפ'ן 5־טען שטאק, אויסהערען זיינע מיעסע רעד, דיספוטירען מיט איהם, פרעגען עצות, וואס צו לערנען, וואס פאר א דרך צו נעהמען אין לעבען... וואס א יאהר שפעטער פלעגען די תלמידים אלץ קומען זעלטענער, און מיט דער צייט זענען זיי זיך אין גאנצען צוגאנגען.

ער איז געבליעבען אליין, אליין מיט זיינע אלטע פערצייטיגע ספרים. אין די צייטען, ווען ער פלעגט זיך פיהלען פעריתומ'ט, פלעגט ער זיך טרייסטען דערמיט, דאס זיינע תלמידים, וועלכע זענען זיך צופאהרען אויף דער גאנצער וועלט, פערברייטען זיינע

פילאָזאָפישע געדאַנקען און פערפלאַנצען זיינע אידעען אין פער־שיעדענע לענדער. און זיינע פילאָזאָפיע איז געווען נאָר א בלוט׳ע: מיר דאַרפען אַלע מענשען ליעב האָבען, און אַזוי ווי מען דאַרף אַלעמען גלייך ליעב האָבען, טאָר מען קיינעם ניט צו שטאַרק ליעבען.

ווייטער האָט ער געזאָגט: אַז ווען מען האָט ליעב א זאַך, איז קיין חלוק ניט, ווי די זאַך זעהט אויס. ווער עס האָט ליעב גאָטס וועלט זעהט קיין חלוקים ניט אין גאָטס בעשעפענעסען. דער ערשטער מענש, וואָס האָט אָנגעהויבען מאַכען א חלוק צווישען א בלעטער בוים און א נאָדעלבוים איז אויך געווען דער ערשטער. וועלכער האָט אריינגעבראַכט שנאה אין דער וועלט. דער גאַנצער נאַציאָנען־האַס, די פרויעפראַגע און די מלחמה צווישען די קלאַסען קומט נאָר דער פון, וואָס מיר קליגעלען זיך און מאַכען חלוקים.

און דאָס האָט ער ניט נאָר געזאָגט: ער האָט אויך געלעבט נאָך דיעזער תורה. ער האָט פערלאָזען קרובים און עלטערן, פערלאַזען די נאָהענטסטע פריינד און זיך אָבגעשיידט פון זיין אייגען פאָלק און פון אַנדערע פעלקער.

יאָהרען זענען אוועק, פון צייט צו צייט פלעגט איהם אריין פאַלען אין די הענד א בוך, א זורנאַל פון די לעצטע מאָנאַטען. און דער פילאָזאָף האָט געמוזט איינזעהען, אַז דער שטרייט צווישען די פעלקער וואַקסט, אַז נייע פעלקער קומען פאָרערען עפעס מיט געוואַלד, אַז אין די לענדער, וואו עס וואָהנען פערשיעדענע נאַציאָנען אין איינעם שטייגט די שנאה פון טאָג צו טאָג. און ניט נאָר פעלקער אונטער זיך פערטראָגען זיך ניט, אויך די פעלקער צווישען זיך טהיילען זיך אין קלאַסען, וואָס האָבען זיך איינאַנדער פיינד ווי דער טויט.

דאָס האָט איהם שטאַרק פערדראָסען. ער האָט אָנגעהויבען צווייפלען צו טהוען די תלמידים זייער פליכט, צו האָבען זיי נאָר געקענט ריכטיג מסביר זיין זיינע אידעען...

און אין איין פריהמאָרגען איז ער ארויס אין גאַס.

די גאַס האָט איהם מקבל פנים געווען מיט אַ ברייטען ברוך־הבא. אַלץ איז אויף איהם געווען אַלט, אפילו דער שירם אין האַנד. אונ בשעת ער האָט זיך געפּרובט רעדען מיט עטליכע פערביינגעהערס, האָט מען איהם ניט באַלד פערשטאַנען. די שפּראַכע האָט זיך שוין געענדערט, זייט ער האָט פערלאָזען די לעבעדיגע גאַסען אונ זיך פערגראָבען אייף'ן פינפטען שטאָק צווישען זיינע ביכער.

ער האָט גענומען עפּטערס אַרויסצוגעהען אויפ'ן גאַס. אונ באַלד איז ער אַליין דערגאַנגען וואָס פאַר אַ שנוי עס איז געוויאָ־ען אין דער שטאָדט. איטליכער טענש פון אַ געווויסער נאַציאָן האָט זיך נאָר געפריינדעלט מיט אייגענע, אויסמיידענדיג מענשען פון פרעמדע פעלקער. יעדע נאַציאָן האָט זיך געהאַט איהר קלוב, איהר קאַפּע, איהר רעסטאָראַן. די גרויסע שטאָדט האָט זיך צוטהיילט אויף אַזוי פיעל קאָלאָניעס, וויפיעל פעלקער אויף דער לאַנד קאַרטע.

מיט אַ צובראָכען געמיט פלעגט ער זיך אומקעהרען אַ היים.

פון דענסטמאָל אָן האָט ער זיך גענומען גענויער צוקוקען, וואָס עס טהוט זיך אַרום־איהם. ער האָט אַרונטערגענומען די שטאָרען פון זיינע פענסטער, וואָס קומען אַרויס אין הויף, אונ האָט זיך גענומען צוקוקען צום לעבען פון די שכנות.

אין דעם אייגענעם הויז, וואו ער האָט געוואָהנט האָט געדיענט אַ פראַנצויזישע באָנע. אונ אַלע טאָג, אַ זייגער 9 ביי נאַכט פלעגט זי דער פיליזאָף זעהען שטעהען אין טהויער צוזאַמען מיט אַ דייטשען אולאַן. מיט דער צייט האָט דער פילאָזאָף זיך געחאַפּט, אַז דאָס מוז זיין אַ פערליעבט פּאָרעל, צוויי מענשען, וואָס קענען זיך אַ טאָג ניט בעגעהען איינער אָהן דעם צווייטען. אונ איינמאָל ביי נאַכט איז איהם אַריינגעקומען אין מח אַ געדאַנקען... אַ געדאַנקען, פון וועלכען עס האָט איהם כמעט אַ שווינדעל אָנגעחאַפּט.

שטייטש! די צוויי פּראָסטע מענשען, וועלכע האָבען קיין מאָל ניט געהערט פון זיינער פילאָזאָפיע, לעבען ווי צוויי עכטע

פילאָזאָפען; דער גאַנצער אמת פון זיינע געדאַנקען שפּיעגעלט זיך אָב אין זייער לעבען". זי, די פראַנצויזישע באָנע, ער דער דייטשעשער אולאַן ווייזען בעשיינפערליך ווי צוויי נאַציאָנען קענען זיך פער־טראָגען; זיי ווייסען ניט פון קיינע חלוקים! ביי זיי איז ניטאָ קיינע נאַציאָנאַלע פראַגע, קיין קלאַסענפראַגע, זי טראָגען אין זיך אַ ליעבשאַפט צום אַלעמענשען, גלייך ביי זיי איז ניטאָ קיין אונטער־שיעד צווישען מאַן אונ פרוי, זי ליעבט איהם האָטש ער איז אמאַנסביל, ער־זי, האָטש זי איז אפרויענ־צימטער! זאָל די וועלט אַמאָל הערען די שטימע פון ריינער מענשליכער ליעבע, זאָלען די פערליעבטע פּאָרלעך ווערען די אפּאָסטאָלען פון זיין פילאָזאָפיע!

מען דאַרף צוזאַממענרופען אַ קאָנגרעס פון פערליעבטע פּאָרלעך! אונ פון דעם טאָג אָן איז דער פילאָזאָף אָפשר מיט צעהן יאָהר יונגער געוואָרען.

ער האָט אָנגעהויבען אין די צייטונגען דרוקען מודעות, אַז אין אַ שווייצערישע שטאָדט ווערען אין דעם אונ דעם טאָג איינגעלאַדען אַלע פערליעבטע פּאָרלעך צו אַ קאָנגרעס, וואָס וועט זיך בעשעפ־טיגען מיט די פראַגען:

1) דער אידעאַלער מענש.
2) נאַציאָנאַליטעטען־פראַגע.
3) פרויענפראַגע.
4) קלאַסענקאַמפף.

וואָכען זענען אוועק אונ קיינער האָט זיך ניט אָנגעמעלדעט. דער פילאָזאָף האָט אַ צייט לאַנג ניט פערשטאַנען די סבה דערפון, ביז ער האָט זיך איינמאָל דורכגעשמועסט מיט אַ אַלטער וועשין, וועלכע פלעגט אַלע טאָנטאַג קומען צו איהם נאָך וועש. פון אַלע זיינע רעד האָט זי נאָרבענומען, אַז ער זוכט פערליעבטע פּאָרלעך. — פערליעבטע האָט זי געזאָגט, — לייענען בכלל ניט קיין צייטונגען, אונ אויב איהר ווילט, — פרובט אַריינשטעלען אייער מודעה צווישען די מודעות, מכח בילינע בעטען, קינדערשע

זועש און הייבאַמען". — דער פילאָזאָף האָט געפאָלגט און די עצה האָט געהאָלפען.

אין אַ משך פון אַ חודש האָבען זיך בעוויזען אַ צעהן פּאָרלעך, וואָס האָבען סיי ווי סיי געדעכענט צו פאָהרען אין דער שווייץ, אום דאָרטען אין די בערג צו פערברייננגען די גוטע טעג פון ליעבע און צערטליכקייט.

דער קאָנגרעס האָט זיך געעפענט ביי 19 פּערזאָן — 10 זכרים מיט'ן פילאָזאָפען, און 9 פרויען, איין פּאָרל האָט צוליעב פערשיעדנע סבות פערשפעטיגט אויף דריי שעה.

נאָך איידער מען האָט אויסגעקליעבען אַ פּרעזידענט האָט מען שוין בעשלאָסען צו געבען די פרויען דאָס רעכט צו וועהלען. און אונזער פילאָזאָף האָט זיך געפרעהט: אָט זעהט מען ווי לייכט עס פערענטפערט זיך די פראַגע וועגען פּאָליטישע רעכטע פאַר פרויען ביי פערליעבטע פּאָרלעך!

ביי'ן קלייבען אַ פּרעזידענטען האָט איטליכע פרוי פאָרגעשלאָגען איהר געליעבטען, און מען איז דעריבער באַלד מושב געוואָרען זיך צו בענעהען אָהן אַ פּרעזידענטען, און ווידער האָט דער פילאָזאָף הנאה געהאַט, — ווייל דאָס האָט איהם בעוויזען, אַז וואו עס איז דאָ ליעבע — זענען אַלע גלייך, דאַרף מען ניט קיין אויבערשטען אויף זיך, בענעהט מען זיך אָהן אַ פּרעזידענטען.

דערנאָך האָט דער פילאָזאָף מודיע געווען: דער ערשטער קאָנגרעס פון די פערליעבטע פּאָרלעך האָט זיך געעפענט!

אַ שמחה אַ גדולה ביי די פערלעך, אַ פּאַטשעריי, מען פאַלט זיך קושען...

און ווידער האָט זיך דער פילאָזאָף דערפרעהט: דען וואו זעהט מען דאָס אַ קאָנגרעס אָהן קנאה, שנאה, פראַקציעס און דאָס גלייכען? דאָ אָבער קושט מען זיך!...

פּלעצליך האָט זיך דערהערט אַ געשריי פון אַ פרויענצימער און אַ ווילדער ברום פון אַ מאַנסביל. און דער מהומה האָט איינער אַ קוש געגעבען אַ פרעמדע כלה. די אמת'ע כלה האָט דאָס

געבען דעם געשריי, דער אמת'ער חתן — דעם ברוט. דער פילאזאף האט דאס ניט בעמערקט.

ווי באלד עס איז שטיל געווארען האט מען זיך גענומען צום ערשטען פונקט: דער אידעאלער מענש.

צוערשט האט גערעדט א ענגלענדער, און זיין אידעאל איז געוועזן די קאפיע פון זיין דיקער כלה, וועלכע האט זיך געשמאלצען פאר נחת. דערנאך האט גערעדט א דייטש און זיין אידעאל האט אויסגעזעהען ווי זיין דייטשקע, ליזכען, מיט'ן ריין אבגעוואשענען פנים'ל און גלאטפערקאמטע בלאנדע האר, וועלכע איז געזעסען און געווישט די טרעהרען פון גרוס געפיהל. דערנאך האבען גערעדט צוויי איטאליענער, א פראנצויז האט זיך צולאזען ווי א ענדיק... דער לעצטער רעדנער איז געווען א זאיקע. פון גרויס אויפרעגונג האט ער ניט געקענט אויסרעדען א ווארט. קוים מיט מאטערנעם האט ארויס געשאסען. „דער אידעאלער מענש? — אט!" און ער האט אנגעוויזען אויף א בלאסע אייבעל מיט זעכס פינגער אויף דערלינקער האנד. עטליכע פרויען האבען זיך א קרים געגעבען, עטליכע מאנסבילען האבען ניט שוין געשמייכעלט דערביי. דער זאיקע איז אראב אין גרימצארן, און האט זיך בעשלאסען זיך אמאל נוקם צו זיין.

לסוף האט גערעדט דער פילאזאף. ער האט אנגעהויבען קריטיקירען די פריהערדיגע רעדנער, האט גענומען בעווייזען, אז זייערע אידעאלען זענען צו סוביעקטיוו, צוגעשניטען צו איין פערזאן, און זייערע רעד... נאר צו פרויען, או נאר דא האט פאסירט עפעס אזוינס, אויף וואס דער פילאזאף האט זיך גאר ניט געריכט. לעבען איהם איז געשטאנען דער ענגלענדער און האט איהם קאלט געבעטען צו געהען זיך מיט איהם באקסען. איבער'ן ענגלענדערס רוקען איז געפלויגען די וויזיטענקארטע פון דייטשען אויף אדועל. די איטאליענער האבען זיך געריסען צו איהם מיט מעסער'ס אין די הענד.

דער פראנצויז האט געשריען:

עס איז געוואָרען אַ מהומה. דער פילאָזאָף איז געשטאַנען גלייך, ווי קאַלך, די דאַמען האָבען געשריען אונ געריסען די גע־ ליעבטע צו דער טהיר; עטליכע זענען געפאַלען אין אַ איסטעריקע אונ דער קאָנגרעס־זאַל איז פול געוואָרען פון זידלעריי אונ געוויין.

דערמיט האָט זיך געענדיגט די ערשטע זיצונג. צו אַ צווייטע איז שוין ניט געקומען.

דער פילאָזאָף איז אַ־אַב געפאַלען ביי זיך, ער איז אַהיים ניט געפאָהרען. טרויעריג האָט ער געבלאָנדזשעט נעבען די ברעגען פון גרינען טייך. ער האָט געהאַט מיט זיך אַ חשבון־הנפש. אַ מרה־ שחורה איז אויף איהם אַרויף, אונ מאַנכמאָל האָט זיך איהם געדוכט, אַז ער הייבט שוין גאָר ניט אָן צו פערשטעהען די היינטיגע מענשען. צו איז ער אַ חונה־המעגל? אַ מענש אויף אַ פרעמדער פּלאַנעט?

אונ איינמאָל פאַרנאַכט האָט ער זיך אַריינגעוואָרפען אין וואַסער...

* *

*

מען האָט איהם געראַטעוועט. אַרויסגעצויגען האָט איהם אַ אַרביימער פון אַ ויידענפאַבריק, על פּי טעות האָט די רעטונגס־ מעדאַליע בעקומען דער פאַבריקאַנט...

וואַרשוי, פעברואַר 1904



# אין קריעג

(ערצעהלונג).

צוויי זיהן האָט דער אַלטער זלמן פסח'ס, אונ האָט פון זיי
קיין נחת נים; ווען נים די שטיקעלע האָפענונג, וואָס נאָך זיין
טויט וועלען זיי נאָך איהם קדיש זאָגען, וואָלט ער שוין לאַנג פון
זיי זיך מיאש געווען: מילא ווי זיי ווילען זיך—איך קען זיך בעגעהן
אָהן זיי. שטעהט איהם אָבער דער „קדיש" ווי אַ ביין אין האַלז,
אונ ער מוז ליידען פון זיי אונ האַלטען זיך מיט זיי.

אונ דאָס גאַנצע אונגליק, וואָס ער האָט אַביסעל געלד;
ווען ניט דאָס געלד, וואָלט ער אָפשר פון זיי נחת געהאַט, ווי
אַלע טאַטעס פון קינדער. זיי זענען דען שלעכטע קינדער! פער-
קעהרט, גאַנץ גוטע, למדנים, איידעלע, עהרליכע, האָט איהם
אָבער גאָט געשטראָפט מיט געלד אונ די צוויי ברידער וואַלטען
זיך אַלע טאָג וועלען צו טהיילען נאָך זיין לעבען מיט דער
ירושה...

מילא דעם עלטערן זוהן, חיים'ען, וואָס איז שוין גאָט צו
דאַנקען אַ טאַטע פון אַכט קינדער, האַלט ער נאָך עד היום אויף
זיין קעסט, אונ מאַכט חתונה אַ מאָל זיינעם אַ זוהן, אַ מאָל אַ טאָכטער,
וואָס עס מאַכט זיך, אונ האַלט די נייע פאָר פאָלק אויך אויף קעסט.
אַ תירוץ איז דאָס, וואָס? איז אָבער דער צווייטער זוהן יענקיל,
אַנ'אָרימער תבואה-הענדלער זיך מתקנא: סטייטש! וואו איז דאָס
געהערט געוואָרען, אַז עלטערן זאָלען אַלץ איין זוהן אוועק-געבען,
אַ קליינינקייט—אויס האַלטען אַזאַ געזינד אויף קעסט! אונ אויף
דעם סמך נעמט יענקיל ביי'ן טאַטען מזומנים אונ דער טאַטע קען
זיך איהם ניט אויסצאָהלען פאַר די קעסט, וואָס ער ניעט חיים'ען.

— ווי פיעל מיינסטו איז ווערט חיים'ס קעסט? פרעגט דער

אלטער זלמן, אז יענקיל האט צו איהם טענות

— חיים'ם קעסט? חיים'ם קעסט?... אט וועל איך דיר באלד זאגען — נעמט יענקיל די בארד אין האנד, קנייטשט דעם שטערען אונ מאכט אזא רעכענונג:

— דריי פוד ברויט געהט ביי זיי א וועק א וואך...

— דריטהאלבען! האקט איבער דער אלטער טאטע.

— דריי פוד, ווי א האר! וויל יענקיל אפילו א פונט ניט ארא־בלאזען —

— נו, דריי! גיט נאך דער אלטער זלמן

— דריי פוד ברויט איז שוין דריי רובעל א וואך.

— קארגע דריי! שלאגט איבער דער אלטער.

— דריי רובעל, ווי אהאר! וויל יענקיל אפילו א גראשען ניט אראבלאזען.

— נו, זאל זיין דריי! גיעט נאך דער אלטער זלמן.

— איצטער לאמיר נעמען פלייש! הערט ווידער אן יענקיל צו רעכענען.

— פלייש עסען זיי זעלטען. שלאגט איבער דער אלטער טאטע.

— טאטע! זיי עסען, זיי פרעסען! שרייט שוין העכער יענקיל אונ רעכענט אויס: 5 פונט פלייש אין מיטען וואך — פינף גילדען, שבת קאסט צוויי רובעל, — היינט גרויפען, קארטאפעל, קליי־ניגקייט, „דאס אונ יענס״ „סאיע״, „טאיע״, א שוך, א בגד, שבת אנ'עליה — חיים איז דאך א יחסן — שלישי קויפט ער, אנדערש לויהנט איהם ניט. 10 רובעל א וואך קאסט דיר חיים! צעהן רובעל! ענדיגט יענקיל דעם חשבון.

— נו, אונ ווי פיעל קאסט דו מיך? פרעגט זלמן.

— איך — א העלפט ניט! פערזיכערט יענקיל.

נו, מאך א חשבון! הערט אן דער אלטער: צום יריד פאקראוועס האסטו גענומען א נייענקע הונדערטער?

— גענומען! גיעט נאך יענקיל.

— אין א חדש אַרום, געדענקסטו, ביזטו געקומען זונטאָג אונ געחאַפּט אויף א „ווײַלע״ — 25 רובעל אָב צאָהלען א גוי פאַר א מציאה עפּים — דײַנע מציאות!

— יע! גיעט נאָך יענקיל.

— צו אוליאַם האָסטו גענומען 50 רובעל, אויף פּסח האָסטו גענומען 25 — היינט וואו איז — דאָ א צעהנרובעלדיגע, דאָ א פינף־רובעלדיגע

— אלץ ניט קיין צעהן רובעל א וואָך! טעהנט יענקיל.

— דו נעמסט דאָך אָבער מיט א מאָל! גזלן! ווערד שוין דער אַלטער אין כעס.

— נו, שאַ, שרײַ ניט, טאַטע! נעה גיעב איהם אוועק די גאַנצע געלד דײַנע! דו האָסט דאָך איהם ליעב! גיעב איהם, קאַרמע איהם. שרײַט יענקיל.

— איך גיעב דיר מעהר פאַר איהם! בײַזערט זיך דער אַלטער אונ געהט אוועק א ד׳ערצאָרענטער א היים.

אויפ׳ן הארצען איז איהם שווער, עס דריקט איהם ווי א שטיין, אונ טרעפענדיג זײַן „אַלטע״, ווי ער רופט זי, אָדער ווי אַלע רופען זי — זלאַטע, וויל ער אויסרעדען זיך פאַר איהר. ער לאָזט אַראָב דעם קאָפּ אונ קען ניט אָנהייבען. די אַלטע אָבער פער־שטעהט, אַז ער איז שוין מסתמא געוועזען בײַ יענקלען אונ זי הייבט אָן:

— נו, וואָס ווייטער?

— נחת... מורמעלט זלמן.

— וואָס? בײַ יענקלען געוועזען? שטויסט זי זיך שוין אַליין. וואָס וויל ער?

חיים אונ די הויז־געזונד, וואָס געפינען זיך אין דען זעלבען הויז הערען זיך צו אין ווענטיל פון קאַמער, וואָס די אַלטע ריידען.

— ער פערגינט ניט חיים׳ען! קלאָגט ער זיך. אלץ, זאָגט ער, גיעב איך איהם אוועק, הייסט עס, חיים׳ען.

חיים הערט אונטער אונ קריצט מיט די צייהן.

— און איהם גיעסטו וועניג! זיפצט די אלטע.

— ער טענהט, אז חיים קאסט מיר צעהן רובעל א וואך.

— צעהן מכות איהם! קען זיך שוין חיים ניט איינהאלטען, און שיעסט אוים הויך.

— צעהן געשווירען איהם! העלפט אונטער חיים'ם ווייב.

— צעהן פלאטירען איהם! העלפען די קינדער.

— שא, וואס איז דארטען? חאפען זיך ארוים די אלטינקע פון זייער צימעריל.

דא גיעט א שפרינג חיים צום טאטען און א ווילדער פון בעס מאכט ער מיט די הענד:

— איהם גיעסטו אוועק אין גאנצען! איהם! ער וועט דיך צו דער טארבע ברענגען. דו וועסט זעהן טאטע.

— ביים בעסער אב די צונג! מישט זיך אריין די אלטע.

— מיט דער טארבע וועסטו פון דיין „יענקעל'ן" אוועק־געהן — געדענק, טאטע! געדענק! סטראשעט איהם חיים.

— איך האב מורא, אז פון דיר וועל איך גיכער מיט דער טארבע אוועק געהן. זאגט זלמן און ווייזט אן אויף דער עלטערער טאכטער, חאשען.

דא טרעפט די קויל חיים'ען אין סאמע מיטט הארץ און ער געהט אוועק אין א זייט.

אין שטוב אבער רוישט נאך און קאכט, יעדער קינד שילט בעזונדער יענקלין און יעדער קללה לעגט זיך אוועק ביי די אלטע אזוי, ווי שטיינער אויפ'ן הארצען.

— ניט בעשערט קיין נחת! קלאגען זיי זיך שטיל איינער פאר'ן צווייטען.

— וואלטען מיר בעסער שטיינער געהאט, עהדער געלד!

— אח, אח! זיפצען זיי פאר זיך. צוויי שטיקלעך קינדער און קענען זיך ניט צו טהיילען.

---

א גאַנץ יאָהר זענען די צוויי ברידער ברוגז. נוט ווערען זיי נאָר פּורים צו דער סעודה.

עס געשיהט אַזוי:

אַז עס קומט פאַר נאַכט און ביי חיים'ען גרייט מען צו דער סעודה, זעצען זיך אויף אַוועק די אַלטע, און טהיילען די קינדער פּורים געלד. אין שטוב ווערד פריילעך און אויפגערוימט. אַלע פּנימער שטראַהלען. די אייניקלעך, די אינגערע, לאָסען זיך צו דער באָבען און צום זיידען, קריגען זיי אויפ'ן שויס און זאָגען: האָלד דער באָבען! האָלד דעם זיידען! א גוטע באָבע, א גוטער זיידע!

פון די וואַרימע קינדערשע ווערטער, פון דעם געגרייטען טיש, פון די ליכטיגקייט ווערען די אַלטע לייט געריהרט. עס ערוועקט זיך אין זיי ביידען א ליעבעס געפיהל צו קינדער און זיי דערמאָנען זיך אָן יענקלען, וועלכער פראַוועט נעבעך אַליין די סעודה. ווער ווייס צו האָט די שנור דאָרט עפּיס געמאַכט יום טוב'דיג.

— געדאַרפט רופען אָהער יענקלען מיט דער ווייב און קינדער, גיעט א זאָג די אַלטע.

— נו, נו, אדרבא לאָז מען זיי רופען. חאַפּט זיך אָן דער אַלטער חיים שוויגט.

— וואָס זאָגסטו חיים? פרעגט דער טאַטע.

— פון מיינטוועגען, רוף. זאָגט קאַלט חיים.

— מען קען רופען! זאָגט די שנור.

— געה ביילינקע! ווענדט זיך די באָבע צו איין 12 יעהריגע מיידעלע — צום פעטער יענקלען און זאָג, אַז מען בעט זיי צו דער סעודה.

— זיי זאָלען למען השם קומען! פערזאָגט פון זיין זייט דער זיידע.

— נוט! לויפט אַרוים פריילך דאָס אייניקעל. אין א פירטעל שעה אַרום קומט זי צוגעהן א פריילינע און זאָגט:

— דער פעטער האט געזאגט, אז ער וועט באלד קומען.

און ווירקליך קומט באלד יענקיל מיט זיין ווייב און מיט צוויי עלטערע קינדער.

— גוט פורים!

— גוט פורים!

פון אנפאנג געהט אלעס כשורה. יענקיל מיט דער ווייב ועצען זיך ביי'ן טיש און הייבען אן קייען באב, וואס איז אנגע־שטעלט אויפ'ן טיש פון דער פולער האנד, חיים העבט אן מאכען א שמועס וועגען שטאדטיגע ענינים אין וועלכע ער איז שטארק, אלס לעדיגער־געהער, בקי.

— ס'איז פארכעס! זאגט ער — די באד שטעהט שוין דריי יאהר אהן א דאך, און אין קאראבקע ליעגט גאנצע 500 רובעל און מען גיעט ניט ארויס.

— טאקי, א סקאנדאל! גיעט יענקיל נאך, אבשיילענדיג א באב.

די אלטע קוועלען אן. אט דאס זענען עפּיס געראטען אויף ברידער, מען רעדט, מען פערברענגט, ווי געהעריג איז, ניטא קיין קנאה, קיין שנאה, פיין, ארענטליך.

אין א וויילע ארום שטעלט זלמן איזעק אויפ'ן טיש א פלאש בראנפען, גיעסט אן די קעלישאקעס, און זאגט:

— נעמט, קינדער, צו ביסלעך בראנפען!

— נעם דו פריהער, טאטע, שרייט פרייליך יענקיל.

— טאטע נעם דו. שרייט פרייליך חיים.

דער טאטע נעמט דאס קעלישאק מיט א שטראהלענדען פנים, מיט שיינענדע אויגען מיט טרייסלענדיגע הענד און שרייט אויס.

— לחיים, קינדער!

— לחיים ולשלום. ענטפערן ביידע אין איין קול.

די אלטע פרעגעלט זיך פאר נחת: דאס הארץ איהרם אבער קלאפט פאר שרעק: רבונו של עולם — בעט זי אין דער שטיל — זאל א־ז־א שרום אויף לאנג זיין, פערשטער מיר ניט מיין שמחה.

— נו, נעמט איהר, קינדער! בעט זיך דער אלטער.

— לחיים! ווינשט חיים יענקלען, נעמענדיג דאס גלעזעל

— לחיים ולשלום! ענטפערט יענקיל חיים׳ען.

שפעטער אווילע דערלאנגט מען געקאכטע יאגדעם מיט קיכלעך, מען צעשטעלט די טעלער, מען צילייגט די לעפעל אונ דער טיש בעקומט איין אויסזעהן פון א וואהרער שמחה.

יענקיל אונ חיים האבען שוין אויס געטרונקען צו עטליכע גלעזליך. די קעפ טומלען זיך אונ דער הויפט איז יעדערנ׳ס מויל פו׳ מיט ווערטער, וואס בעטען זיך ארויס, האטש עס איז א גרויסע סכנה...

— וואס, חיים! קען זיך עדליך יענקיל ניט איינהאלטען. ביזט אהן איין עין הרע א בעל-הבית...

— פערגינסט מיר אשר ניט! לאכט פריליך חיים.

ניין! אדרבא... איך מיין סתם אין דער וועלט אריין.

די אלטע בלייבען טויטע. זיי ווילען פערשטיקען דעם גע-פרעך אונ ווייסען ניט, ווי אזוי.

— ניין, יענקיל פערגינסט מיר ניט! שרייט אויס פלוצים חיים, וועהענדיג ווי יענקיל בעטראכט די עטליכע זילבערנע לעפיל.

— קינדערליך, האט רחמנות! בעטען זיך דערשראקענע די אלטע—פערשטערט ניט אונזער שמחה. איין מאל אין יאהר.

— מיר קריעגען זיך ניט! פערזיכערט יענקיל.

— חס וחלילה! פערזיכערט אויך חיים. די בעסטע גוטע פריינד! נאר גלאט, איך שמועס אין דער וועלט אריין — יענקיל פערגינט מיר ניט. יענקיל וועט עס אליין מודה זיין. אמת, יענקעל?

יענקיל בעטראכט דעם רייכען טיש אונ שיעסט ארויס:

— אמת ברודער!

חיים ווערט אנגעצונדען.

— וואס-זשע געהסטו צו מיר!

— כ׳אקי א נאררישקיים! שרייט יענקיל.

— קינדערלעך! האָט רחמנות. בעטען זיך די עלטערן מיט טהרערען.

נאָר עס פערקריכט שוין צו ווייט: די יאָהריגע שנאה, וואָס טליעט אַ גאַנץ יאָהר ביי יעדער ברודער אין הארצען צום צווייטען, פלאַקערט יעצט אויף, נאָך דער ביסעל בראָנפען אין אַ העליש פייער.

— דו טאָרסט צו מיר ניט געהן! שרייט חיים!

— ס'דים זאָלען צו דיר געהן! שרייט יענקיל.

— ארויס פון מיין שטוב! שרייט חיים אונ מעסט זיך אויף יענקלען.

— עס איז דעם טאַטענס שטוב, ניט דיינע! קוראַשעט זיך יענקעל אונ בלייבט זיצען.

די מחלוקת ווערט וואָס אַ מינוט גרעסער, עס מישען זיך אריין די ווייבער אונ די קינדער ביז יענקעל פערלאָזט די שטוב, סטראַשענדיג דעם טאַטען:

— געדענק! זיי וועלען דיר צו דער טאָרבע ברענגען.

די אַלטע בלייבען נאָך דעם זיצען צעמישט. ווי הערוים-געטריעבענע פון גן־עדן געהען זיי הערייז צו זיך אין צימעריל. ביידענס פּניטער בעקומען אַ מינע פון נאָך תשעה־באַבדיגע ביי נאַכטיגע קינות.

— וואָס רופסטו איהם, דעם גזלן? קען זיך ענדליך דער דער אַלטער ניט איינהאַלטען.

איך רוף איהם? דו רופסט דאָך איהם! פערענטפערט זיך די אַלטע.

אונ אין דער אֱמת'ן רופען איהם זיי ביידע, חאָטש זיי ווייסען פאָראויס, אַז עס וועט זיך אַזוי ענדיגען. ווער ווייס וואָס פאַר אַ רעכענונג זיי האָבען דער ביי. אפשר ווילען זיי האָטש געניסען די עטליכע מינוט נחת, וואָס זיי האָבען געהערט'ן סקאַנדאַל. ווער קען פערשטעהן עלטערענס הערצער?...

אברהם רייזען

# קריטיק.

## ש׳ א׳ ש.

## אין א שלעכטער צייט.

(בילדער אונ ערצעהלונגען)

דאָס בוך „אין אַ שלעכטער צייט״ איז פֿון יענע ביכער, וואָס לעזענדיג זיי טראָגט מען זיך איבער אין אַ נייע ספֿערע, אין אַ נייע וועלט, אין וועלכער די ווירקליכקייט בעקומט אַן אַנדער פֿאַרב אונ זינן... די הויפט ראָליע אין דיעזען וועלטעל שפּיעלט אַ קליין שטעדטעל, וואו עס שיינט די זונן עפּעס אַנדערש, די לבנה איז עפּעס דאָרטען אַנאַנדערע אונ די הימלען, ווי זיי וואָלטען דירעקט בעשאַפֿען געוואָרען פֿאַר דיעזען שטעדטעל...

ש. אַ ש. קוקט אויף דער נאַטור מיט אויגען פֿון אַ קליינשטעדטעלדיגען אינגעל, וועלכען עס האָט ערצויגען טיעף רעליגיאָז, אונ די רעליגיאָן מיט איהרע טראַדיציען, די פּאָעזיע פֿון דער אמונה, די מיפֿען האָבען זיך אין איהם אַזוי טיעף איינגעוואָרצעלט, דאָס אַלעס וואָס ער זעהט, — זעהט ער אין אַ בעזונדערן שיין, אַ ריין סוביעקטיווען, וועלכער איז פֿערשטענדליך נור יענעם, וואָס האָט דאָס אַלעס אַליין איבערגעלעבט...

„אונ בכלל זעהט אויס גאָט וועלטעל ווי אַ ליעבליך הויזגעזינד, וואָס לעבט זיך אין שלום, יעדער טהוט זיך דאָס זייניגע״. די הימלען אויבען, האָבען זיך געטאָהן דאָס זייעריגע,

קוילעבדיג זיך פערשפרייט און האָבען מיט פיעל לייטזעליגקייט בעשיצט גאָטס. וועלטעל אַזוי, ווי זיי זענען געבאָטען געוואָרען פון ששת ימי בראשית אָן".

אין דעם בילד „ברוגז" דערצעהלט אַ אינגעל אָדער דער אויטאָר פון זיך אַליין, ווי ער איז געגאַנגען אין ליענטשיץ, צו זיינע אַ מוהמען, און דערנאָך, ווי ער איז שוין געקומען, האָט איהם זיין מוהמע צוריק אָבגעשיקט אַ היים; דאָס קליין אידעלע מיט זיין וועלטעל פון פאַנאַטישע טרוימען האָט פלוצים דערזעהן פאַר זיך אַוועג, פעלדער, וועלדער, הימלען און אַ בריטען, פרייען רוים און ער קוקט אויף זיי גאָר אַנדערש, אַזוי ווי אַ פרייער מענש און ניט קיין קינד פון געטאָ: עס דאַכט זיך איהם: „אַז די גאַנצע וועלט, אָט דאָס אַלץ וואָס איז אַרום איז ברוגז אויף דער וועלטס מאַמען, זי אַנטלויפט פון חדר צו דער מוהמען נחת בעריל"... ווייטער: און געדאַכט האָט זיך מיר, אַז מיר אַלע — איך, דער הימעל, די פעלדער, דער פויער מיט'ן אקעראייזען, אַלעם אַרום זיצען אין חדר, עס איז דאָנערשטאָג נאָכ'ן אָנבייסען; די זונן איז ערשט ביים שפיץ פענסטער, אַ סימן, אַז עס איז ערשט האַלב איינס, און מיר זאָגען איבער דעם שיעור פאַר'ן רבי, און מיר קענען ניט דורכקומען".

זעהר כאַראַקטעריסטיש זענען זיינע אַנאַלאָגען, אין וועלכע עס שפיעגעלט זיך אָב דער גייסט פון די געטאָ קינדער: „די פיעלע ליכטיגע שטראַהלען, וואָס בלאָנזשען נאָך אין מאַרק, זענען שוין ווי דאָס ליכטיגקייט פון אַ לאָמפּ, ווען מען האָט איהם די קנייט אַראָב געדרעהט"..., „און פינסטער ווערט עפּיס, ווי אַ גאַסט, וואָס פערלאָזט די חתונה זאַל; באַלד נאָך אַ גאַסט און נאָך איינער... און עס גנבה'ט זיך אַנ'אומעט אַריין"..., „און דאָך זענען די געוועלבער (תשעה באב פאַר נאַכט) פונקט ווי פרייטאָג פאַר נאַכט, פאַרמאַכט, עפּעס ווי אין מיטען לעבען אָבגעהאַקט געוואָרען"...

ווי מיר האָבען פריהער געזאָגט שפּיעלט די הויפּט ראָלע אין

דיעזער נייער וועלט, אין וועלכער ש. א ש פיהרט אונז אריין, א קליין שטעדטעל, וואו עס לעבט זיך גאר אנדערש, ווי אין דער איבריגער וועלט אונ די איינוואהנער פון דאס וועלטעל קוקען אויף דער נאטור גאר מיט אנדערע אויגען...

„קארשעוו איז טאקע א קליין שווארץ פלעקעל, וואס איז אויסגעמאהלט אויף דער ערד, אונ איבער דעם דאזיגען פלעקעל שיצט דער הימעל מיט גרויס רחמים אונ לאזט זיך איבער איהם אראב אזוי ווייך אונ גלעטענדיג, וואס אמאל נידריגער אונ אונ נידריגער".

דער צענטער פון דעם לעבען אין דעם שטעדטעל איז דאס בית־המדרש׳ל: אין איהם קלינגען אב די פריידען אונ די ליידען פון דעם אידישען קליינשטעדטילדיגען לעבען, ער איז דאס „עיר המקלט׳ל".

אין דעם בית־המדרש׳ל זענען איינגעוויקעלט די בעסטע ערזינערונגען פון די איינוואהנער:

„די אלטע בעל־הבתים, ווען זיי זענען נאך קינדער געווען, געדענקען דאס בית־המדרשל, ווי עס איז זיך אזוי שיין געשטאנען ווי איצטער: דענסטמאל אין שמחת־תורה, ווען זיי האבען מיט די פענער אויף זיינע פענסטער געטאנצט".

דאס בית־המדרש׳ל קערהט זיך שטארק אן דעם כלל־ישראל, יעדער יוד האט דערינען א חלק, אין בית־המדרשל בעהאלטען זיך די בעלי־בתים, יעדער זיצט זיך אויף זיין ארט, אין איהם געפינען א נאכטלעגער די אלע, וואס האבען ניט וואו צו געכטיגען; ביי אימיצען הונגערן ווייב אין קינדער, לויפט ער קיין בית־המדרש׳ל אוועק, דארטען פערגעסט ער זיינע ליידען. ווער עס וויל קען אין איהם הערייגקומען, ווייל ער דערשרעקט ניט מיט זיין רייכקייט, זיינע אלטע ווענד זענען יעדען איינציגען היימיש...

„אזוי יאהרען לאנג אונ טעג לאנג שטעהט זיך דאס בית־המדרש׳ל, אונ א דור נאך א דור קומט אריין, בעהאלט זיך אין

איהם, און געהט זיך אוועק... יעדער דור לאָזט אַ צייכען פון זיינע צרות... יעדעס דור פערציילט פאַר איהם זיינע ליידען, גיסט אויס זיינע טרעהרען אונטער זיין פרוכת, און דאָס בית-המדרש׳ל, אַזוי ווי אַ ערבאַרימדיגע מאַמע שטעהט און ווישט אָב די טרעהרען פון די קינדערס געזיכטער.

„עס דאַכט זיך, אַז די טרעהרען פון יעדען דור זענען מיט זיינע ציגעל געוואָרען צוזאַמען געקנאָטען, דורך דעם שטעהט עס דאָך אַזוי לאַנג"...

און בשעת מע לעזט דאָס ביכעל „אין אַ שלעכטע צייט" דאַכט זיך אויס, אַז דאָס גאַנצעס ביכעל מיט זיינע פערשיעדענע בילדער און ערצעהלונגען איז בלויס איין בילד פון איין קליינשטעדטעל, נאָר דאָ שילדערט דער פערפאַסער דעם בית-המדרש׳ל און דאָרט, דעם שבת און זיין ווירקונג אויפ׳ן קליינשטעדטעלדיגען לעבען. אמאָל דערצעהלט ער, ווי צוויי בעל-הבתים האָבען זיך געקריעגט און אַמאָל, ווי איינער, אַ יונגעל, איז אַנטלאָפען פון זיין מאַמען...

מיט איין וואָרט, דאָס גאַנצע ביכעל איז אַ שפּיעגעל, אין וועלכען עס שפּיעגלען זיך אָב די פריידען און די ליידען פון קליינשטעדטעלדיגען אידען אַלס אידען, אין וועלכען עס שפּיעגעלט זיך אָב די נאַטור מיט דעם אַנזעהן און פאַרב, אין וועלכע זי שיינט פאַר די אויגען פון דעם אידישען טרוימערישען יונגעל.

ש. אַש. בעזועלט אין זיינע מאַלערישע לאַנדשאַפטען די נאַטור און די אונאָרגאַנירטע וועלט: די הימלען קוקען טרויריג, די איינגעבויגענע ווענד פון דער חורבה פערצעהלען עפּעס פון ־מאָליגע יאָהרען א. ז. וו.

מיר האָבען פריהער געזאָגט, אַז ש. אַש קוקט אויף דער נאַטור מיט אויגען פון אַ יונגען אידישען אינגעל, אַז ער שילדערט טאַלענטפאָל די טרוימען פון יונגע אידישע קינדער — און די ־עכסטע שטופע פון זיין טאַלענט אין דיעזער הינזיכט דערגרייכט

ער אין זיין בילד „ברוגז", אין וועלכען ער שילדערט די פאנטאזיען אונ איליוזיען פון א קליין-יודעלע: ער שטעלט זיך פאר, אז מע פיהרט איהם העריין אין א גרויסען צימער, ביי א לאנגען געדעקטען טיש זיצט א נאלטער יוד אויבען אן... מיט א ווייסע באָרד... ער האלט א זילבערנע טאבאקערקע אונ קוקט אין א ספר; ביי דער זייט שטעהט עפּיס א יודענע מיט בריליאנטענע אויערינגען... דאס איז מסתמא די מחותענסטע, ער זעצט זיך ביים טיש, מע פערהערט איהם אונ ער נעהמט אוים, ער פערענטפערט א הארבען רמב"ם... פון א שפאלט פון א טהיר קוקט ארוים א זיידען קליידעל, זי עפענט אויף די טהיר... מע פיהרט די כלה אריין... זי איז שיין, ווי א בת-מלכה... זי שעמט זיך, ער אויך... דאס הארץ קלאפט ביי איהר...

פערביי גערהענדיג וועלען מיר מאכען א נ'אנמערקונג דעם פערפאסער, אז ס'איז א ביסעל איבערגעטריבען דאס, וואס דער יונגער נאאיווער אינגעל האט זיך ריכטיג פארגעשטעלט, אז מ'ע- ווערט איהם פרעגען: ווי געפעלט דיר די כלה? אונ זאגען איינע צו די אנדערע: די קינדער שעמען זיך! זעהסט, זעהסט. ווי רויט ער איז געווארען... דער העלד פון דער ערצעהלונג איז נאך צו יונג, אז ער זאל דאס אלעס ריכטיג אויסרעכענען: דער צו פאָדערט זיך די פראקטיק פון א נ'עלטערן, וועלכער האט שוין גוט אויסגעשטודירט די בעציהונגען פון איין מענשען צום צווייטען! —

מיר וועלען זיך אומקעהרען צוריק צו דעם בילד. דאס קליין אידעלע שטעלט זיך ווייטער פאר, אז ער זאגט ווייטער תורה... ער פערענטפערט דעם רמב"ם... דער מחותן ווענד אָב... זי ווינקט, קוקט אויף איהם: לאז דיך נישט... מע פיהרט צו איהם צו זיין כלה, ער מאכט די אויגען צו, ער קוקט ניט... ער זיצט מיט איהר אליין... אין א גלעזערנער אלטאנקע... זי קוקט ניט... ניין, - זי זיצט אונ קוקט איהם גלייך אין פנים אריין... ער אויך... ער האלט די צעפ... ניין... מען מעג דען?

אט אזוי פאנטאזירען ש. א ש. העלדען!

ש. אַש ריהרט ניט אָן קיינע געזעלשאַפטליכע פראַגען, ער קוקט נור אויף דער וועלט מיט פּאָעטישע אויגען און בעמיהט זיך צו הערייננדרינגען אין די סודות פון איהר עקזיסטענץ.

בּיי ש. אַש'ן איז ניט ווי בּיי אונזער געניאַלען ש. י. אַבראַ־מאָוויץ, וועלכער שילדערט אויך לאַנדשאַפטען פון דער נאַטור, וועלכער בעלעבּט אויך צייטענוויז די אונאָרגאַנישע וועלט, וועלכער שרייבּט אָפט „בּילד, אָבער זיינע „בּילדער" האָבען אין זיך עפּעס אַ זין, דאָס „בּילד" ענטהאַלט אין זיך וואָסער אַ צורה, אויך אַ גייסט, — בּיי ש. אַש'ן אָבער איז קיין טענדענציע ניטאָ, ער ווייזט אונז דאָס בּילד אין גאַנצען, ווי עס איז, אָבער ער אַנאַליזירט ניט, ער ערקלעהרט ניט דסם צוזאַמענהאַנג פון די אַלע ערשיינונגען...

די גאַנצע קראַפט פון ש. אַש'ן איז אין שילדערן, בּעשרייבּען לאַנדשאַפטען, פאָרשטעלען דאָס לעבען פון שטעדטיל צוזאַמענ־גענומען, אין כלל, אָבער ניט אין פרט, — דאָס האָט ער גלענצענד אויסגעהאַלטען אין זיין גאַלעריע בּילדער אונטער דעם נאָמען „אַ שבת אין שטעדטיל".

ער דערצעהלט ניט ווי שמואל אָדער חיים האָבען צוגענומען דעם שבת, ווי זיי האָבען פערבראַכט פרייטאָג צו נאַכט, אָדער ווי זיי זענען געגאַנגען אין שוהל, ווי זיי האָבען געשפּאַצירט, גיין! ער שילדערט ווי דאָס גאַנצע שטעדטיל האָט צוגענומען דעם שבת, ער בּעשרייבּט ריכטיג די געזעלשאַפטליכע פּסיכאָלאָגיע פון דעם אָריגינעלען שטעדטיל און בּשעת ער בּעשרייבּט אַזוינע בּילדער איז ער שיין און שטימונגספאָל...

זעהר שוואַך איז אָבער אין זיין „אין אַ שלעכטער צייט" דער עלעמענט פון ערצעהלונג. צ. בּ. ש. בּשעת מיר לעזען זיין ער־צעהלונג „איבּערן גרעניץ" דאַכט זיך אויס, אַז דער פּאַרפאַסער האָט בּכיון גענומען אַזא טעמא, ווי אידען פאָהרען איבּערן גרעניץ, כּדי ער זאָל האָבען אַ פּלאַץ צו שילדערן די וואַסערן און דעם גאַנצען לאַנדשאַפט. אום צו אילוסטרירען אונזערע רייד וועלען מיר

זיך א ביסעל מעהר אָבשטעלען אויף „א פשוטע מעשה״.

אין דער „פשוטער מעשה״ ווערען מיר געוואָהר פון איינער א מיידעל, פיינעלע, וועלכע האָט ליעב ווי אַלע יונגע מיידלאך זיך סטראָיען אונ פוצען.

גלייך אין די ערשטע עטליכע שורות פון דיעזער ערצעהלונג שטויסען מיר אונז אָן אויף א פאַלשען שטריך, נעמליך: עס פיקט ביי איהר אין קאָפּ א געדאַנק: חתנים זענען דאָ ווי די הינד אָבער יעדער הונד וויל א פעטען ביין! — עפּעס דאָס איז צו גראָב פאַר איונגע מיידעל, ווי קלוג זי זאָל ניט זיין!

זי הייבט אָן צו סימפאַטיזירען צו איינעם אַבחור, אָליעזר, וועלכענם פסיכאָלאָגיע בעלייכט ניט דער פּערפאסער; ער סימפּאַטיזירט איהם אויך אונ וואַנדעלט נאָך איהם ווי אשאָטען; זעהר פיין אונ כאַראַקטעריסטיש שילדערט ש. אש זייער צוזאַמענטרעפען, נאָר אפילו דאָ איז אויך דאָס גאַנצע בילד, ווי א הויפען ארבעס, וועלכע קלעפען זיך ניט איינער צום אַנדערן, יעדער שטריך פאַר זיך איז פיין, אָבער זיי זענען שוואַך פערבונדען צווישען זיך.

ער הייבט אָן צו איהר הערײַנקומען, זי קלייבט געלד אויף נדן, איהר טהוט דאָס הנאָה, זי נייהט אַלס וויטער אונ וויטער און טראַכט ביי זיך: „גיסט אין דער לאַפּקע, געפּאַקט דיך, נאָר מיין נישט, אז דו נעהמסט איינע פון דער גאַס אראָב, ווי זי שטעהט און געהט, נאָך אַכציג רובעל פּעהלט אין גאַנצען צו די דריי הונדערט רובל אין שאַנק״. דאָ איז וויטע ניטר פסיכאָלאָגיש די אויסדריקע, „ביסט אין דער לאַפּקע״. צום אונגליק ווערט ר׳ יעקב פיינעלס פאָטער קראַנק, דאָס עס איז אויסגעקומען צו אנריהרען פיינעלס נדן, זי האַלט זיך אָב, אָליעזר רעדט זי איין, אז זי זאָל זיך אויף קיין זאַך ניט איינקוקען און זאָל נעהמען פון די געלד וויפיעל מ׳בעדאַרף.

ער נעהמט זי ליעבליך ארום אונ מיט דער עק פון איהר פאַרטעך ווישט ער איהר די טרעהרען אָב פון די באַקען—זאָגענדיג:

„וויין ניט, פייגעלע, וויין נישט, עס וועט אלס גוט ווערען״.

„און איך זאָג דיר, אז דו זאָלסט מאָרגען געהן אין פּאָכט אָבנעהמען עפּיס געלר, און געבען אויף אלעם, ביז גאָט וועט העלפען, דער טאטע וועט געזונד ווערען און קענען פערדיענען דענסטמאָהל״.

זי האָט איהם געפּאָלגט און מיט יעדען טראָפּפען בלוט, וואָס דער אלטער ר׳ יעקב פלעגט אויסשפּייען פלעגט זיך אָבקלעבען אמארקע. — דער אלטער ר׳ יעקב האָט פון זיך דעם לעצטען טראָפּפען בלוט ארויסגעגעבען און פייגעלע דעם לעצטען רובל פון פּאָסט. —

נאָך דעם ציהט ש. אש איבער אשטריך און אונטער איהם דערצעהלט ער, אז פייגעלע זיצט ווידער ביי איהר בליך לאָמפּ, און נייט און נייט ביז שפּעט אין דער נאַכט, און פון יעדען שטאָך מיט דער נאָדעל קומט עפּעס צו אין איהר ניי ביכעל אין פּאָסט. דער נדן מוז איצט זיין גרעסער ווי פריהער, ווייל צוואמען מיט דעם ביכעל וואו עס קומט צו מעהר מארקעס, קומט אויך אלע מאהל צו גרויע האָר אויף איהר שווארצען קאָפּ. — אויף אזא אויפ׳ן קומט אויס, אז אליעזר האָט זי אָוועקגעלאָזען, טאָ פאַר וואָס האָט אונז דער פערפאססער ניט בעקאַנט מיט די בעדינגונגען ביי וועלכע ער האָט זי אַ וועקגעלאָזען? ווי האָט דאָס אויף איהר גע־ווירקט? פון דעם שווייגט דער פערפאסער, ער בענוגענט זיך מעהר ניט מיט אַ שטריך פון וועלכען עס איז אונז ניט קאלט און ניט ווארם!

מיר וועלען רעזומירען אונזערע רייד: 1) ש. אש איז איין ליטעראַרישער מאלער, אויב מען קען זיך אזוי אויסדריקען, די גרעסטע שטופע פון זיין טאלענט דערגרייכט ער, ווען ער שילדערט די נאַטור אין דעם געזעלשאפטליכען לעבען בכלל. 2) ער קוקט אויף דער נאַטור מיט אויגען פון אַנגעטאָ־קינד. 3) דאָרט, וואו ער דער־

צעהלט פון אינדיווידיאומען איז ער אין פיעלע ערטער ניט פסיכאָלאָגיש און צוואָרפען.

ווען ש. אש זאָל זיך בעמיהען, אז זיינע בילדער און ער־צעהלונגען זאָלען הערויסקומען פערענדיגטער אין גאנצער, ווען ער געוויס דערגרייכען יענע שטופע פון קונסט, וואס ער איז אין שטאנד צו פערנעהמען.

לעאָ מארגאָליסאָוו.



## קאליקעס. ערצעהלונג פון מ. ספעקטאר.

— דאָס אידישע לעבען הענגט אויף אהאָר! — אזוי שרייען אין איין קול אלע אונזערע נאַציאָנאַליסטען און „זאָרגער" פאר דעם כלל ישראל.

— גיט א קוק — טענהן די אויבענדערמאָהנטע הערען — ווי עס לעבט זיך דעם אידען שלעכט, ווי ער שלאָגט זיך ווי א פיש אהן וואסער איבער זיין חיונה, ווי זיין גאנצעס לעבען הענגט אויף א האָר, ווי עס ווערען ניט זיכער און בעשטענדיג זיינע געשעפטען, ווי פלוצים אין איין העלען טאָג פאלען צעהנדליגער אידישע סוחרימלאך און פיהרען איבער אייגענע און פרעמדע אידישע געלד! —

— ניין! — טעהנהן זיי ווייטער — דעם אידען לעבט זיך ערגער ווי אלעמען, ער ליידט ספעציעל אידיש!

אָבער ווען מיר זאָלען בעטראַכטען די אייגענע פראגע פון אנאנדער שטאַנד־פונקט; ווען מיר זאָלען זוכען די אורזאַכען פון דיזער ערשיינונג אין אונזער געזעלשאפטליכען לעבען בכלל, וועלען מיר זיך באלד איבערצייגען, אז די אלע צרות זיינען ניט

כפעצאַלע אידישע, נור זיי ווערען פֿעראורזאַכט פֿון אונזער יעצטיגען אָרדנונג, אַז די קראַנקשאַפֿט קומט ארויס פֿון עקאָנאָמישען לעבען און אַז די „פּאָליטישע עקאָנאָמיע" קען דיזע פֿראַגען פֿערענטפֿערן מעהר, ווי יעדע בעל־הב'תישע, וואהלטהעטיגע, דרייערנע אידעאַלען.

די אידישע קליינע סוחרימלאַך, אָדער אפילו די גרויסע סוחרים, פֿאַלען ניט צוליעב דעם, וואָס זיי זענען אידישע, נור ווייל זיי ליידען פֿון יענע בעוואוסטע געזעלשאַפֿטליכע קראַנקשאַפֿט, פֿון וועלכע עס ליידט יעדער סוחר, ווער ער זאָל ניט זיין: צו אַנ'איד, צו אַ קריסט.

די אויבענדערמאָהנטע קראַנקשאַפֿט הייסט קריזיס!

קורץ, די אידישע סוחרים ליידען, ווייל זיי זענען סוחרים בכלל; די אידישע אַרבייטער ליידען, ווייל זיי זענען אַרבייטער. אמת די ערשטע און די לעצטע ליידען אַ ביסעל, ווייל זיי זענען דערצו אידען, אָבער אויף קיין אופֿן וועט מען זיי ניט קענען העלפֿען מיט נחמן'ס און זיין טאָכטער אידאַ'ס — ה' ספּעקטאָר'ס העלדען אין זיין ערצעהלונג „קאַליקעס" — בעל הבתישע אידעאַלען און דרייערנע פֿילאָזאָפֿיע!

„און דאָס גאַנצע אומגליק", אַזוי רעדט ה' ספּעקטאָר מיט זיין העלדינס אידאַ'ס מויל —

„נעמט זיך דערפֿון, וואָס יודישע קינדער לערנען אַלעס צוביסלעך און קענען גאָר ניט און בעמערקען עס ערשט דאַן, ווען זיי טרעטען שוין ווייט אַריין אין לעבען, ווען מען האָט שוין אַ ווייב מיט קינדער און מען קען פֿון זיי גאָר ניט טאָכען!" (זעה זייט 31), מיר זאָגען אָבער, און אַזוי וועט זאָגען יעדער איינציגער, וואָס בעטראַכט די אייגענע פֿראַגען אַ ביסעל טיעפֿער, וואָס בעגרענעצט זיך ניט נור מיט אַזוינע שמאָלע אורטהיילונגען: דאָס גאַנצע אומגליק נעמט זיך דערפֿון, וואָס דאָס רוב אידען אין די קליינע שטעדטליך זענען קליינע הענדלער, מעקלער און בכלל קליין בורז'ואַזיע, דאָס עס קומט זיי אויס צו קאָנקורירען מיט די גרעסערע און אַלס אַזוינע איז זיי קיין חלוק, צו האָבען זיי בעלערנט מעהר אָדער ווייניגער, צו האָבען זיי ערוואָרבען „קאַטשקע־

געשאַפט" (זעה זייט 19) אָדער גרינדליכע בילדונג, ווייל די־ לעצטע — קען גאָר ניט העלפען אין דעם קאַפּיטאַליסטישען קאַמפף. אונ איהר ווייסט מיט וואָס וויל ה' ספּעקטאָר פערענטפערן די זאָגענאַנטע אידישע פראַגע? לאָמיר לעזען וואָס ער שרייבט וועגען איראַ'ס אידעאַלען אונ פאַנטאַזיען וועגען איהרע שפּעטערדיגער טהעטיגקייט:

„ער וועט ארבייטען אונ פערדיענען, זי וועט עפענען אַ אומזיסטע שולע אין לאַווראָווע אונ ער, איהר מאַן, וועט זיין רייך וועט ער מאַכען פאַבריקען פאַר אידישע ארבייטער (!) אונ פון יודישע קאַליקעס וועלען ווערען מענשען (?)", „זי אונ די אַלע מענשען, וואָס וועלען זיין שפּעטער, וועלען שוין וויסען ווי אַזוי צו ערציהען קינדער, אַז זיי זאָלען אויסוואַקסען מענשען, ניט קיין קאַליקעס (?)", ווי קורצזיכטיג אונ שמאָל זענען אָט די אַלע אוי־ טהיילונגען! אידאַ וויל אויסבעסערן די לאַגע פון איהרע נויט־ בעדערפטיגע ברידער מיט דעם, וואָס זי וועט עפענען פאַר זיי פאַבריקען, אָבער אין דער מינוט פערגעסט זי אונ מיט איהר צו־ זאַמען אויך ה' ספּעקטאָר, אַז דער מיט, וואָס מע וועט עפענען אַ פאַבריק וועט מען אונטער שלאָגען די חיונה פון פיעל אידישע קליינע סוחרימלאך! דאָס איז פון איין זייט; צווייטענס, וועט שוין פערענטפערט ווערען מיט'ן עפענען פאַבריקען פאַר אידישע אַרבייטער די אידישע פראַגע? קען דען ניט געמאָהלט זיין; אַז איהר הירשל (אויך ה' ספּעקטאָרס אַהעלד) זאָל צולייגען זיינע געלד, אָדער ער זאָל לײדען פון אַ קריזיס? אונ וואָס וועט ער דאַנן טהון מיט די טויזענדער אידישע אַרבייטער, וועלכע ער האָט פריהער, מכלומרשט, מפרנס געווען? וועלען דאַנן ווערען אָט די אלע מעקלערס אונ האַנדווערקער אוים קאַליקעס? ניין! זיי וועלען אויך דאַנן פערבלייבען די אייגענע קאַליקעס וואָס פריהער, ווייל זיי לײדען ניט צוליעב דעם, וואָס יעדער איינציגער פון זיי איז פאַר זיך אַ קאַליקע בפרט, נור צוליעב אונזער געזעלשאַפטליכען אָרדענונג בכלל! ווייטער פיהרט אידאַ (זעה 112—111—110—

10) זייטען) — ה' ספעקטארס העלדין אונ אויסדריקערין פון זיינע אידעען — א גרויסע אונ שרעקליכע מלחמה געגען אונזערע משכילים פון די 70־טע יאהרען אונ זי פרעגט ביי סאלאמאנאוויטען, אנ'אמאלינען משכיל, וועלכער, קריגענדיג א גרויסע סומע בילדונג, האט זיך ערוויטערט פון געטא אונ געלעבט א גוטען טאג אין פעטערסבורג:

„צוליעב וואס האט איהר זיך געקריעגט מיט די עלטערען, געגנט'ט זיך מיט אייגענע ווייבער, וואס טאטע מאמע האט געגעבען, געלערענט מיט טוידטשרעקענים די השכלה־ספרים, געראנגעלט זיך מיט דער פינסטערנים אונ אנטלאפען אין דער ליכטיגער וועלט אריין, צוליעב וואס האט איהר עס געטהון? שוין זשע נור דער־פאר, אז אייך אליין זאל זיין גוט אונ דערנאך ניט וויסען וואס צו טהון מיט דער לעדיגער צייט פון גוטסקייט? די „ליכטיגקייט" צו וועלכער איהר האט זיך געצויגען האט קיינעם קיין נוצען געבראכט. וואס האבען אייערע ברידער, וועלכע איהר האט איבערגעלאזט אין דער פינסטערניש, געהאט פון אייער ליכטיגקייט, צו וועלכער איהר זענט געלאפען?"

אבער אז מען זאל זיך טיעפער אונ נעהנטער צוקוקען צו דיעזער היסטארישער ערשיינונג, וועלען מיר איינזעהן, אז איהר גרונד ליעגט אין דעם פראצעס פון דעם אידישען לעבען בכלל, אבער ניט די „משכילים" זענען שולדיג — שולדיג זענען די בעדינגונגען, ביי וועלכע זיי האבען געלעבט!

נעמליך: די ליכטיגקייט, צו וועלכער די אמאליגע משכילים האבען געשטרעבט, האט מען דאן נור געקענט שעפפען פון ניט אידישע קוועלען; זייערע בעסערע בעגריעפען וועגען לעבען, זייער וועלט אנשויאונג האבען זיי געשעפט פון דער רוסישער ליטעראטור אונ פון דעם רוסישען לעבען אין יענער צייט, ווען די אידישע קולטור האט זיי געקענט געבען מעהר ניט ווי אלטע בעשטויבטע ביכער, פון וועלכע צו בעפרייען זיך איז געווען דער גרעסטער אידעאל פון די אמאליגע משכילים.

און ווי באלד זיי האבען זיך איינגעלעבט מיט דער פרעמדער קולטור האבען זיי מעהר ניט געקענט זיך אומקעהרען צו זייער פאלק, מיט וועלכען עס האט זיי ניט פערבינדען ניט גייסטליכע און ניט מאטעריעלע באנדער, זיי האבען זיך ניט געקענט אומקעהרען צו זייער פאלק, פון וועלכען זיי האבען זיך אזוי פיעל צרות אנגעליטען, וועלכע פלעגט זיי רודפ׳ן עד חרמה און האט זיי ניט געוואלט קענען!

פאלגליך, איז אין דעם ערוויימערן זיך פון די א מאליגע משכילים פון זייער פאלק קיינער ניט שולדיג, — שולדיג איז די אוננאטירליכע לאגע פון דעם אידען צווישען די קריסטען, שולדיג איז די געטא.

יעצט וועלען מיר זעהן, וואס פאר א סארט אידעאלען וויל פון זיך איסשטעלען אידא, ה׳ ספעקטארם העלדין; אויף סאלאמאנאוס פראגע:

— מיט וואס זשע וועט איהר בעסער זיין פון אונז? ענטפערט זי:

„מיר וועלען ניט אוועק ווייט פון אונזער פאלק ווי איהר האט געטאהן; מיר וועלען זיין בעסער פון אייך מיט אייערע אמאליגע חברים, מיר וועלען זיין בעסער דורך דעם, וואס מיר וועלען זיך ניט שעמען מיט אונזער פאלק, מיר וועלען אפען לעבען מיט אונזער אייגען לעבען, מיר וועלען אונזערע קינדער ערציעהען אזוי, אז זיי זאלען קענען זייער פאלק, זייער געשיכטע, זיי זאלען זייערע פעהיגקייטען פערנוצען פיר אייגענע, פאר אונזערע שוואכע ברידער.“

„דענסטמאהל וועט דאס יודישע פאלק ניט זיין אזוי אומגליקליך (?), עס וועט דאן זיך ניט געפינען אזויפיעל קאליקעס (?)“.

אבער אונז ארט איבער א נייעס די איינענע קשיה, גאנץ גוט מיר וועלען שוין לעבען מיט אונזער אייגען לעבען, די יודישע געבילדעטע וועלען געבען זייערע ברידער א גרינדליכע בילדונג, די יודישע רייכע וועלען עפענען פאבריקען ספעציעל פאר אידישע

ארבייטער (ד. ה. ניט צונעמען קיין קריסטליכע), אָבער צו וויסען מען דער מיט פֿארבעסערן די לאַגע פֿון דעם אידישע קליין סוחר'ל, אָדער פֿון דעם ארבייטער, וועלכע ליידען ניט צוליעב דעם וואָס זיי זענען אידען, וואָס זיי וויסען ניט קיין אידישע געשיכטע, וואָס זיי לעבען ניט מיט זייער אייניגע נאַציאָנאַלען לעבען, נור זיי ליידען אַלס ארבייטער, אַלס קליין סוחר'ל? איף קיין אופן קען מען זיי ניט העלפֿען מיט די סגולות, וואָס הערר ספּעקטאָר לעגט אונז פֿאָר!

ווי עס זאָלען ניט בליהען אונזערע נאַציאָנאַלע האָפֿענונגען, ווי עס זאָל דאָס פֿאָלק ניט זיין געבילדעט, וועלען זיי פֿאָרט בלייבען די זעלבע קאַליקעס ווי פֿריהער, די זעלבע סקאַלעטשעטע מענשען פֿון אונזער אָרדנונג!

ביז אַ הער האָבען מיר גערעדט וועגען די טענדענציען פֿון ה. ספּעקטאָרס ערצייהלונג „קאַליקעס” אונ מיר האָבען געזעהן, ווי קליין זענען זיינע אידעען, ווי זיי זענען גענומען איף פּראַקאַט ביי אַ ליאַדען קרעמעריל, אָדער בעל-הבית, וואָס פּשטעלט זיך איבער לשון-קדש'דיגע מאמרים, וואָס זענען לאַנג ווי דער גלות אונ פּוסט ווי דאָס אידישע לעבען.

יעצט וועלען מיר ריידען וועגען דער טעכניק פֿון דיזער ערצעהלונג.

דער הויפּט-פֿעהלער פֿון דיזער ערצעהלונג איז דאָס, וואָס זי איז פֿול מיט גאַנצע פּובליציסטישע שטיקער, דאָס עס קומט אוים, אַז דער ה. ספּעקטאָר האָט געשריעבען אַ ספר אונ אַליין געמאַכט אַ פּירוש איבער איהם. אַז אַ שריפֿטשטעלער וויל דורכפֿיהרען אַ טענדענץ פֿערוואַנדעלט ער זיינע בעלעהרענדע טעאָרעמען אין לעבענדיגע בילדער, ער וויזט אונז, ווי זיי לעבען, ווי זיי ריהרען זיך אונ ווי זיי געהן אַראָב פֿון דער לעבענס סצענע, דאָס דער לעזער שטויסט זיך אַליין אָן אויף דעם פֿערפֿאַסער'ס טענדענץ. אַנשטאַט אַזוי צו טהאָן האָט ה.

ספעקטאַר פערשטייט זיין בוך מיט לאַנגע טיראַדען, דיאַלאָגען, וואָס בשעת מע לעזט זיי דאַכט זיך אוים, אז אלע ה. ספעקטאָרס העלדען האָבען גלאַטע צינגער און בשעת זיי ריידען שטעהן זיי׳ פערליינגט מיט די הענד און צוטומלען זיך קיינמאָל אין די רייד ניט.

אין פיעלע ערטער זענען זיינע דיאלאָגען זעהר אוננאַטירליך. צב״ש: אַ כלה וואָס האָט זיך מיט׳ן חתן נאָך איגאַנצען איינמאָל געזעהן, זאָגט צו איהם:

— קום, חתן! קום, וועלען מיר הוליען, זעהסט ווי פיעל געלד מען האָט אונז געגעבען אויף צו הוליען. (זעה זייט 93).

ווייטער, אויף איהר חתן׳ס רייד, אז פרויען דאַרפען זיין זעלבסטשטענדיג, זאָגט זי:

„צו וואָס דאַרפען פרויען פערדיענען? ווען זיי האָבען מענער, זאָלען די מענער זיך שלאָגען קאָפּ אָן וואַנד און געבען אלעס וואָס מען ברויכט אין שטוב. (זייט 104).

ווידער וועלען מיר ברענגען אַ שמועס פון אַ ניט שיינער מיידעל מיט אַ שיינער, די ערשטע האָט געענדיגט גימנאַזיע און די צווייטע איז איהר דאָס מקנא; זאָגט די נישט שיינע צו דער שיינער:

— גלויב מיר, איך וואָלט דיר אַוועקגעגעבען מיין אַטעסטאַט, מיט אלעס וואָס דו וואָלסט נור פערלאַנגט און אפילו נאָך צעהן יאָהר פון מיין לעבען וואָלט איך דיר צוגעגעבען, ווען איך זאָל זיין ווי דו. (זייט 39).

אום בעסער צו אילוסטרירען אונזערע רייד לאָמיר נעהמען דעם אנפאַנג פון דעם אַכטען קאַפּיטעל „פלעצער״, וועלכער איז אַ ריין פובליציסטישער אַרטיקעל וועגען דעם צושטאַנד פון די פלעצער אין וואַרשא, וואָס פּאַסט פאַר אַ קאָרעספּאָנדעציע אין אַ צייטונג, אָבער גיט פאַר אַ בילד אין אַ ערצעהלונג!

איבריגענס, דעם אמת מוזען מיר געשטעהן, אז מיר שטויסען זיך אויך אָן אויף פיעלע זייטען אין דעם ראָמאַן, וועלכע

זענען כאראקטעריסטיש אונ מיט געפיהל אנגעשריבען, אבער אויב מיר זאלען פון דיזען ווערק ארויסווארפען די שטיקער פובליציסטיק מיט די טענדענציאן, וועלכע ה׳ ספעקטאר האט אזוי שרייענדיג אוים געדריקט, וועט זיך פון דער גאנצער ערצעהלונג אבשטעלען א געוואהנליכע און שאבלאנע מעשה, וועלכע פערדיענט ניט, אז מע זאל אויף איהר אבשטעלען זיך.

יעצט וועלען מיר אביסעלע ריידען מיט ה׳ ספעקטארס שפראך אונ מיר וועלען שליסען אונזערע רייד:

דער גאנצער אומגליק שטעקט אין דעם, וואס ביי אונז זענען פערהאנען א סאך קאליקער ד. ה. וואס פיעלע פון אונזערע שריפטשטעלער פערשטעהן יא אונ פערשטעהן ניט, וואס זייער גאנצע בילדונג איז מעהר ניט ווי קאטשקע-בילדונג, וואס זיי זענען האלבע סקאלעטשעטע פילאזאפען, דאס עס איז קיין וואונדער ניט, וואס עס געפינען זיך ביי אונז ספעקטאר׳ס, וועלכע פיהרען דורך סקאלעטשעטע טענדענציען, וואס האבען אונטער זיך קיין וויסענשאפטליכען באדען, אונ ברענגען העריין גאר א כאאס אין דעם לעזערס געדאנקען!

**לעא מארגאליסאוו.**



# דאס פערהארטעווען זיך.

## Mens sana in corpore sano est.

(אין איין געזונטען קערפער געפינט זיך א געזונדע זעלע).

ווי אזוי פערהיט מען זיך פון קרענקן?

אין גרעסטען טהייל הייסט די וויסענשאפט אויסנוצען אזעלכע איינפאכע, געוועהנליכע, ניט קיין טהייערע, נאר נאטירליכע מיטלען, וועלכע זענען ניט שווער צו דער גרייכען דעם ארעמען קלאס. גור דער ארימער קלאס וויל שטענדיג נאכמאכען דעם רייכען. דער רייכער, ווידער, רעכענענדיג אז ער קאן מיט געלד אלעס מאכען, האסט דעם קוואל פון לעבען און געזונד, — ארבייט, און נוצט ניט די גרויסע געשאנקען פון דער נאטור, וועלכע זענען גרייט צו בעדינען דעם מענשען.

דאס יעצטיגע געזעלשאפטליכע לעבען ברענגט שיער ניט דעם מענשען צו זעלבסט-פערגעסונג. די מלחמה פאר'ן לעבען ווערט אלץ שווערער און דער ארבייטער, וועלכער איז פארנומען מיט'ן אויפזוכען פיר זיך אדער פיר זיין הויז געזינד די שטיקעל חיונה, האט קיין צייט ניט קוקען אויף זיין געזונד, איהם איז ניט אין קאפ צו זארגען זיך וועגען פערהיטען דעם געזונד, אן וועלכען עס איז אבהענגיג זיין גליק, זיין צוקונפט, זא ווי דאס גליק און די צוקונפט פון זיין הויזגעזינד.

דאריבער בעגעגענען מיר אזא מורא'דיגע שלאפקייט און קראנקהייט אין יעצטיגער מענשהייט און איין ענטארטונג, וועלכע פערגרעסערט זיך פון טאג צו טאג. נאר אונז דארף דאס ניט וואונדערן, ווען מיר זעהען פון איין זייט קלאסען, וועלכע טהוען

ניט א קלאפ מיט א פינגער אן א פינגער, וועלכע זענען פרעמד פון ארבייט, וואס פערשטארקט דעם קערפער; וועלכע זענען אויסגעאיידעלט אזוי פיעל, אז נאר א האר ווערען זיי קראנק אונ קאנען ניט ביישטעהן געגען קליינע קראנקהייטען, ווערען דורך זייער אויסגעאיידעלטקייט געבראכט צו שארפע נויארסטיעניע אונ היסטעריקע, אונ צו דאס לעצטע עמפענגליכקייט צו פערשידענע קראנקהייטען; ווייטער זעהן מיר א קלאס מענשען, וועלכע ארבייטען צו פיעל מיט'ן מח אין דער מיט רופען זיי ארוים דאס זעלבע, וואס די ערשטע. אונ פון דער צווייטער זייט זעהן מיר פלייסיגע ארבייטער, וועלכע עס ארבייטען, צום ביישפיעל, 80% צו 12 שעה אין מעת-לעת אין די פאבריקען אונ אין די זאוואדען, אונ די איבעריגע טהייל. ד. ה. 20% ארבייטען פון 12 ביז 20 שעות אין מעת-לעת! נאר דאס גליק האבען די קריסטליכע ארבייטער אליין. די יודישע ארבייטער, וועלכע מען לאזט ניט צו אפילו אין די גרויסע יודישע פאבריקען, מוזען אנקומען אין די קליינע ווערקשטאטען פון אונזער „טשערטא", וואו מען ארבייט ביז 15 שעה אונ מעהר.

נאטירליך, אז אזא שטארקע קערפערליכע ארבייט, ביי אזעלכע שווערע בעדינגונגען, וואס געבען ניט די מעגליכקייט אויסנוצען געהעריג פרישען לופט, שטראהלען פון דער זון אונ רוהע, אונ דער עסען גופא איז אזא, וואס פארנעמט נאר איין ארט אין מאגען אונ נעהרט ניט ווי געהעריג דעם קערפער — אזא מין לעבען פיהרט די ארבייטער צו אויסארטונג...

דאס פערטהיילונג אונ רעגולירונג פון דער ארבייט, דאס פאר־בעסערונג פון דאס אלגעמיינעם לעבען — דאס איז אנ'ארבייט פון דער צוקונפט; אבער דער ווייל בלייבט די אומעדיגע טהאטזאכע, אז די מענשהייט געהט צום אויסארטונג.

ווענען דעם האט מען שוין פיעל גערעדט אונ פיעל געשריעבען אונ איצט ארבייט די וויסענשאפט דעריין אונ זוכט נייע

מיטלען, ווי אזוי צו פערהיטען דעם קערפּער פון פערשירענע קראנקהייטען.

אין דיזער פערהעלטניס פערדינט דאס פערהארטעווען דעם קערפּער אונזער ערנסטע אויפמערקזאמקייט. ווער ווייס ניט, אז אזוינע שרעקליכע אונ געפערליכע קראנקהייטען, ווי שווינדזוכט, וועלכע פערשלינגט $\frac{1}{4}$ פון דער מענשהייט, פליעווריט, בראנכיט, עמפיזעמא, אסטמא, ענפלוענצא, האלז קראנקהייטען, מח אנצינדונג, דיפטעריט, סקארלאטינא אונ נאך אזוינע, קומען פון פערקיהלונג? די פערקיהלונג האט אלץ א גרעסערען צוטריט צו יענעם מענשען, וועלכער איז מעהר אויסגעאיידעלט, וועלכער איז געוואהנט וויקלען זיך, בעהאלטען זיך פון קעלט אונ מורא האבען פאר ריינע קיהלע לופט, אונ אנשטאדט די לופט אטעמט ער דעם װארימען צימער, אין וועלכען די לופט איז ניט ריין אונ ניט געזונד. דער אומבייטונג פון דעם וועטער, פון דער טעמפעראטור, אצוק-ווינד קאן ביי אזא מענשען ארויס רופען איינע פון די שווערע קראנקהייטען, וואס ווערען ארויסגערופען פון פערקיהלונג. אזעלכע מענשען דארפען זעהן מעהר ווי אנדערע פערהארטעווען זיך.

פראפעסער עסטערלען זאגט: דער בעסטער פערהיטענדער מיטעל, עס זאל ניט פארקומען די פערקיהלונג, וועלכע שלעפט אפט נאך זיך אזעלכע שווערע אונ געפערליכע קראנקהייטען, איז דאס פערהארטעווען דעם קערפּער. פראפעסאר רובנער זאגט דאס זעלבע. דאקטאר אולאדאר איוואוורי געפינט אין דעם פערהארטעווען דעם קערפּער ביי קינדער דעם בעסטען מיטעל געגען נויראסטעניע, וועלכע פערברייטערט זיך פון טאג צו טאג אין אלע קלאסען. קנייפּ בעט רחמים אז מענשען זאלען רחמנות האבען אויף זיך אליין אונ זעהען פערהארטעווען זיך.

נאר צו דארף מען דען ברענגען מיינונגען פון פראפעסארען, אום צו באווייזען, אז 2 מאהל 2 איז 4?

אלע ווייסען, אז די בויערשע קינדער אין די דערפער



מ. ספעקטאר (אמת)

וענען געוואהנט צו פערשידענע שלעכטע וועטערן, צו בייזער קעלט, אונ ווינטער אין מיט'ן שבט לויפען זיי ארום בארפים אויפ'ן גאס אונ דאס ווירקט אויף זיי ניט שעדליך. זייערע באקען שפראצען מיט בלוט, זיי זענען שטארק אונ קרענקען זעלטען.

דער קערפער פון דעם מענשען ווערט איינגעוואהנט צו אלערליי בעדינגונגען, וועלכע דאס לעבען בעשאפט. די וויסענשאפט האט א גאנצען ארסענאל מיט זעלטענע פאקטען, וועלכע בעווייזען די ריכטיגקייט דער פון. פיעל קעמפפער פלעגען אנדערש ניט קאנען אנשלאפען ווערען, סיידען עס זאל זיין שטיל; דאך פלעגען די זעלבע קעמפפער נאכהער אנשלאפען ווערען אונטער די דונערען פון די הארמאטען, געפינענדיג זיך אויפ'ן שלאכט פעלד אויף 2 טריט פון זיי. די איבעריגע געפיהלען פון דעם מענשען קאנען זיין פערהארטעוועט גלייך ווי דער געפיהל פון הערען. דער פלאץ איז אונז קורץ צו ברענגען די טהאטזאכען, וועלכע די וויסענשאפט האט לרוב.

ווען א מענש זאל אויסטרינקען א פלעשעלע מארפיום אדער מישיאק, וועט ער גלייך פערסמ'ט ווערען. נאר וויפיעל מענשען בעגעגענען מיר, וואס האבען אויסגעטרונקען ביסעלאך ווייס ניט איין פלעשעלע מישיאק אדער מארפיום, פונדעסטוועגען זענען זיי ניט נאר ניט אפגעסמט געווארען, נאר זיי זענען אויך פערהארטעוועט געווארען צו די סמ'ען. אונ מיט וואס קאן מען ערקלערען די טהאטזאך, וואס א מענש, וואס האט גערויכענט ניט פיעל 1/8 טאבאק אין 2 וואכען איז ניט אפגעסמט געווארען 30 יאהר נאכאנאנד? ער האט דאך אויסגערויכענט ארום 9 פוד טאבאק! דער מאנט זיך וויפיעל סם ניקאטין ער האט דערשלונגען! ער איז ניט אפגעסמט געווארען מער ניט ווי דער פאר, וואס ער האט ביסלעכווייס גערייכענט אונ ביסלעכווייס פערהאר-

טעווען זיין לונגען צו דעם גיפֿט. זעהט איהר ווי גרויס איז די קראַפֿט פֿון אַ געוואָהנהייט.

רייזענדער, וועלכֿע האָבען זיך צו געקוקט צום לעבען פֿון די ווילדע אונטער די טראָפּיקעס און עסקימאָסען אונטער די פּאָליוסען, דערציילען אַזעלכֿע טהאַטזאַכֿען פֿון פֿערהאַרטעווען דעם קערפּער, אַז עס איז שווער צו גלויבען אין זייער ריכֿטיגקייט. זיי פֿערהאַרטעווען זייערע קערפּערס ניט נאָר צו די גרעסטע קעלטען, נאָר אויך צום איבערטראָגען די שווערסטע פּייניגונגען און ליידען.

די אויבען געבראַכֿטע פֿאַקטען איז גענוג, אום צו בעשליסען:

מיט געדולדיגע איבונגען קאָן מען פֿער־הארטעווען דעם קערפּער ניט נאָר צו קלימאַטישע בעדינגונגען, נאָר אויך צו קערפּערליכֿע ליידען און גיפֿטען.

יעצט וועלען מיר ענטפֿערן אויף דער פֿראַגע: צו איז שווער צו פֿערהאַרטעווען זיך? געוויינליך, מען דאַרף האָבען אוננאַטירליכֿע געדולד, מען מוז בעת דעם פֿערהאַרטעווען ליידען שאַרפֿע ווייטאָגען, ווי, למשל, די קינדער פֿון די אינדיאַנער, וועלכֿע שלאָגען זיי מיט שטעקענס, שמייסען זיי אַזוי לאַנג, אַז פֿון יעדער קינדס אבר גיסט זיך בלוט. און די קינדער שטעהען געדולדיג און ליידען און טהוען ניט אַ זיפֿץ אָדער אַ קרעכֿץ. דאָס זעלבע, די קינדער פֿון די אַפֿריקאַנער ניעגרעס דאַרפֿען ליידען שרעקליכֿע ווייטאָגען ווען מען בורענט זייער פֿלייש מיט אָנגעברענטע אַייזענס, פֿונדעסטוועגען קאָנען זיי איבער טראָגען אַזעלכֿע ליידען גלייך־גילטיג. אָבער דאָס פֿערהאַרטעווען דעם קערפּער אין די ציוויליזירטע לענדער קאָן מען ניט אַנערקענען מיט דעם פֿערהאַר־טעווען דעם קערפּער פֿון די ווילדע און האַלבווילדע אַיינוואהנער פֿון די טראָפּיקעס און די פּאָליוסען, ווייל ביי אונז איז דאָס גרינג אחן

ליידען און וויטאָגען. נאָר דער גרונד אין דעם פערהאַרטעווען איז איינער פון די ציוויליזירטע און ביי די ווילדע: מאַכען דעם קערפּער מְסֻגָּל צו באוואוסטע באַדינגונגען, אַנדערש געזאָגט, אַרויסרופען אין דעם קערפּער איין אימוניטעט. (דאָס וואָרט אימוניטעט הייסט: זיין פריי פון עפּעס, קאָנען געגענשטעהן געגען באוואוסטע קראַנקהייטען. צום ביישפּיעל: אַ מענש, וואָס האָט שוין איין מאָל געהאַט פּאָקען אָדער מאָזלען, ווערט אוּנעמפּפענגליך צו די קראַנקהייטען).

יעצט וועלען מיר איבער געהן צו דער פראַגע: ווי פערהאַרטעוועט מען זיך?

דער ערשטער גרונדזאַטץ אין מעדיצין איז: „non nocea!" ד. ה. ניט שאַד! ניט ברענגען זיך קיין שאָדען ביים פערהאַרטעווען קאָן מען נאָר דאַן, ווען מען היט אָפּ די 2 בעדינגונגען: פערהאַרטעווען זיך פּאַרזיכטיג און שטופענוויים.

פערהאַרטעווען דעם קערפּער דאַרף מען אָנהייבען זומער.

ווען מוטערס ווילען פערהאַרטעווען זייערע קינדער, טאָרען זיי ניט געוואָהנען זייערע קינדער צו פריה צו טראָגען שיך. ווער האָט ניט געזעהן, ווי קינדער, ביי דער ערשטער מעגליכקייט, וואַרפען אַראָפּ פון זיך די שיכעלאַך, וועלכע מאַכען שווער זייערע פיסעלאַך? אַראָפּוואַרפענדיג פון זיך די משא, הייבען זיי אָן לעבעדיגער, פרייליכער צו שפּיעלען. איבערהויפּט האָבען ליעב די קינדער זומער אויסטהון זיך און שטיפען אויף דער גאַס, אָדער אויפן הויף באָרפיסע. אמת, עס טרעפט זעהר אָפט אַז זיי פערשטערען אָדער שלאָגען אָפּ אַ פיסעלע, אַ פינגערל, דאָך נעמט דאָס ניט אָפּ ביי זיי זייער חשק אויסטאָהן זיך אַ צווייטעס מאָל.

אין אָנפאַנג דאַרף מען ערלויבען די קינדער צו שפּיעלען אין צימער ניט אויסטאָהנדיג די זעקעלעך פון $1/4$ ביז $1/2$ שעה יעדען טאָג אין אַ פאַרלייף פון 2—3 וואָכען. נאָכהער ערלויבט מען די קינדער אומלויפען אין צימער, אויסטאָהנדיג די זעקעלאַך, באָרפיס, פון 5 מינוט אין טאָג ביז 45 מינוט. מען קאָן אָנהייבען

גאָר פֿון 2—3 מינוט און יעדער טאָג צוגעבען אַ מינוט אָדער צוויי. אַזוי דאַרף דורך געהן אַ מאָנאַט צייט. נאָך דעם קאָן מען אָהן מורא אַרויסלאָזען די קינדער אויפֿ'ן גאַס שפּיעלען. פֿאַר די ניטאײנגעוואָהנטע קינדערשע פֿיסעלאַך איז גלײכער, אַז מען קלייבט אוים טרוקענע ווארעמע טעג. אין אַזעלכע טעג קאָנען די קינדער אָנהייבען געהן שפּאַצירען, שפּיעלען, שטיפֿען, יעדען טאָג איין פֿערטיל שעה, ביסלאַכווייס, שטופֿענוויים פֿערגרעסערענדיג די צייט ביז אַ שטונדע און מעהר. יעצט קאָן מען שוין אוועקגעהן מיט די קינדער שפּאַצירען אין דער פֿריה, ווען די קיהלע טהוי ליגט אויף אַלעס, איבערהויפּט איבער דעם פֿייכטען און קיהלען גראָז אויפֿן לאָנקע, אין גאָרטען אָדער אויפֿן הויף. אָוועגדצייט, ווען די טהוי טרעט ווידער אַרוים, געהט מען נאָך אַמאָל שפּאַצירען מיט די קינדער. ווען די מוטער אָדער די דינסט באַמערקט, אַז דעם קינדס פֿיסעלאַך זענען שטאַרק אָפּגעקיהלט געוואָרען, דאַרף מען מיט עפּעס רייבען די פֿיסעלאַך ביז זיי ווערען רויט און דאָס קינד ערפֿיהלט איין אַנגענעהמע ווארימקייט. דאַן טוהט מען אָן די זעקעלאַך און די שיכעלאַך. די זעקעלאַך סיי ביי אינגעלאַך, סיי ביי מיידעלאַך, טאָרען ניט זיין לענגער פֿון די שיכעלאַך בכדי די איקרעם פֿון די פֿיסעלאַך זאָלען ניט זיין צוגעדעקט און דער פֿרישער, קיהלער ווינד זאָל האָבען אַ צוטרעט צו זיי. מען טאָר קיין מאָל ניט אײנגעוואָהנען קינדער טראָגען באַשליקלעך, שאַרפֿען, האַלזטיכלעך אויפֿן האַלז, ווייל זיי פֿערגרעסערען די פֿעהיגקייט צום פֿערקיהלונג. ווען די קינדער זענען שוין אײנגעוואָהנט צו טראָגען עס, דאַרף מען זיי ביסלעכווייס, שטופֿענוויים אָפּגעוואָהנען.

די היגיענע פֿון בגדים פֿיר אַלע וואוקסען פֿאָדערט, אַז זיי זאָלען זיין בעקוועמלעך, פֿריי, גרינג און אַ ביסעלע קיהל. פּראָפֿעסאָר רודאָלף ווירחאָוו זאָגט זיין מיינונג פֿאַר וואָלענע בגדים; פּראָפֿעסאָר עסטערלען זאָגט: „וואָלענע בגדים זענען אַלע מאָל בעסער, ווי אַנדערע, ווייל זיי וואַרעמען בעסער און

ווינטילירען בעסער; אויסער דעם דינען זיי ביז אויף א בעוואוסטע שטופע אויף פערהארטעווען די הויט, ווען מען טראגט זיי אויפן הילען לייב". פראפעסאר רובנער ראטהעט אויך וואלענע בגדים איבער דער זעלבער אורזאכע, וואס פראפעסאר עסטערלען. זאקען־בענדליך אונ איינציהונגען פערווערען זיך אין גאנצען. איבער די קארסעטען, וועלכע ברענגען אזוי פיעל קראנקהייטען, איז שוין לאנג צייט געווען מאכען „אל מלא רחמים" אונ בעגראבען זיי... דער קרייץ־גאנג פון אלע געלעהרטע פון דער גאנצע וועלט בעגנען טראגען קארסעטען ווירקט ניט אויף די „ליבע באשעפענעס", וועלכע ווילען ניט בשום אופן אפ זאגען זיך פון דער אמת'ער העסליכקייט אונ מאוסקייט; פעראונשטאלטען די נאטירליכע שיינקייט פון דעם קערפער, האלטען זיי פאר א גרויסקייט. ווען זיי זאלטען ווייסען ווי אזוי אלע קלוגע אונ פערשטענדיגע מענשען האסען זיי דער פאר!

די שוכווארג מוז זיין פריי. די זאקען דארף מען בייטען אפט, ווייל זיי ווערען גיך שמוטציג. זיי דארפען זיין טרוקען, ווייל פייכטע זאקען רופען ארויס גרינג פערקיהלונג.

די טעמפעראטור אין צימער טאר ניט זיין העכער פון 14° R.

די פראגע: צי אויסגעאיידעלטע, שלאפע קאנען זיך פער־הארטעווען? איז שוין יעצט קיין פראגע ניט, ווייל אלע שטימען יעצט, אז אזעלכע פערזאנען קאנען גלייך צוטרעטען צום פערהאר־טעווען זיך. אזעלכע פאקטען געפינט זיך איצט פיעל אונ זיי בעווייזען אז עמפפילדזאמע פערזאנען צום פערקיהלונג דורך שלעכטע וועטערן, דורך אומבייטונג פון דער טעמפעראטור, דורך א צוג־ווינד אונ ד. ג. ווערען אונעמפפילדזאם ד. ה. זיי קאנען צו געוואהנען זייער קערפער צו קלימאטישע בעדינגונגען אונ ארויסרופען אין דעם זיין אימוניטעט אלץ איינס ווי געזונטע אונ ווי קינדער. נאר אזעלכע פערזאנען דארפען מעהר אפהיטען די בעדינגונגען פון פערהארטעווען זיך. „Natura saltus non facit" ד. ה. די

נאַטור אַליין מאַכט ניט קיין גרויסע טריט. בפרט אַ מענש; שטופּענווייס דאַרף ער געהן צו זיין ציעל.

דער מענש, וואָס וועט אַרבייטען אַזוי פּאָזיטיוו און שטופּענווייס, וועט צום סוף בעפרייט ווערען פון די נאַז־קאַטאַרען און פון די קראַנקהייטען, וועלכע רופען זיך אַרויס דורך פערקיהלונג.

אַזוי ווי ביי קינדער, אַזוי אויך ביי ערוואַקסענע, אַזוי ווי ביי געזונדע, אַזוי אויך ביי שלאַפע, אויסגעצערטע און נערוועזע מענשען דאַרף מען אָן הייבען דאָס פערהאַרטעווען פון די פיס. דאָס פערהאַרטעווען די פיס ווערט געטאָהן אין דעם אָרדנונג, ווי ביי קינדער. די פערדרעהונג פון דעם מענשענס נאַטור ערלויבט עס ניט צווישען מענשען געהן באָרפיס. יעצטיגער ציוויליזירטער מענש געפינט זיך אונטער אַ פרעסענדער שווערהייט פון פאַלשע אום־שטאַנדען; ווען ער וויל לעבען נאָך דער אמת'ער נאַטור דאַרף ער זיך בעהאַלטען פון מענשען, נאָר אין וואַלד. וואו עס געפינט זיך ווינציג מענשען, וועט ער קאָנען ווערען נעהנטער צו זיין נאַטור און וועט קאָנען אומגעהן באָרפיס פון אַ פערטעל ביז אַ האַלבע שעה. ווען די ערשטע פּראָבען געבען זיך איין, דאַן פערגרעסערט מען ביסלעכווייס די צייט ביז אַ שטונדע און מעהר. אמת, אין דער ערשטער צייט וועט זיין זעהער ניט איינגענעהם געהן באָרפיס, ווייל ער וועט פיהלען איין קיצלונג אין די פיס, נאָר שטופּענווייס וועלען די פּאָדעשוועס פון די פיס אַלץ האַרטער ווערען און וועלען געוואָהנט ווערען צו די צווייגעלאַך און שטיינדעלאַך, וואָס זענען אָנגעוואָרפען אויף דער ערד.

פּראָפעסאָר רובנער, קנייפּ און אַנדערע ראַטהען נאָך אַזאַ אונטערריכט געהן 5—10 מינוט איבער פערפראָרענע ערד, איבער פרישען שניי, וואָס פאַלט אַרוים אין הערבסט, נאָר ווייל עס געפינען זיך אַזעלכע, וועלכע זאָגען זיך אוים געגען דעם, האַלטען מיר זיך איין פון אַ מיינונג, און מיר בלייבען געטריי דעם מעדיציניש ען געזעץ! „non nocea“.

פראָפעסאָר ט אָ ר ח אַ נ אָ ו ו ראטהעט אַלע קינדער אונ ער־וואקסענע, אויסטוהן זיך הויל אונ פערברענגען הוילער הייט אַ האלבע ביז איין שעה צייט אין קיהלען לופט פון צימער, זיינענדיג די גאַנצע צייט אין בעוועגונג. אַזעלכע אונשעדליכע „לופט־וואַנעס" ווירקען וואונדערליך אויף פערהאַרטעווען דעם קערפער.

זעלטען גוט ווירקען ליכט־לופט־וואַנעס. די זון־שטראַהלען, ווען זיי פאַלען אויף דעם הוילען קערפער, פערבעסערען דעם שטאַנד פון די בלוט, די זון־שט־אַהלען פערהאַרטעווען דעם קערפער אונ פערשטאַרקען דעם געזונד. בעסער מאַכען אַזעלכע וואַנעס אָפט צו פערטעל שעה, עהדער מיט אַמאָל אונ לאַנג. בעת אַזא וואַנע דארף זיין די קאָפ צוגעדעקט.

יעצט וועלען מיר זאָגען עטליכע ווערטער ווי צו אויסנוצען וואַסער אויף פערהאַרטעווען דעם קערפער.

ווען וואַסער ריהרט זיך צום קערפער, נעמט זי אָפ גיכער ווי לופט די וואַרימקייט פון איהם, ד. ה. זי קיהלט איהם אָפ; דער־איבער איז זעהער וויכטיג בענוצען וואסער אויף פערהאַרטעווען דעם קערפער סיי ביי יונגע, סיי ביי ערוואַקסענע, סיי ביי שלאַפע, אויסגעצערטע, נערוועאישע, בלוטאַרמע, סיי ביי געזונדע.

מען טהוט אַזוי:

מען נעמט איין שוואָם, אָדער ווען עס איז ניטאָ קיין שוואָם נעמט מען איין ברעג האַנטוך אונ מען נעצט איהם איין אין וואַסער, וואָס האָט די טעמפעראַטור 22—24 גראַדוסען. מיט דעם נאַסען ברעג האַנטוך אָדער מיט דעם שוואָם, באַנעצט מען די האַלז, די ברוסט, די פלייצעס, דעם בויך אונ די הענד; דאַן ווישט מען אוים די נאַסקייט מיט איין טרוקענעם האַנטוך. נאַכהער ווישט מען אָפ די פים אונ מען ווישט זיי אוים. דער מיט ענדיגט זיך די גאַנצע ארבייט. דעם קערפער וואַשט מען אָפ איין מאָל אָדער צוויי מאָל אין טאָג אין דער פריה נאָכ'ן שלאָף אונ פאַר'ן שלאָף. פראָפעסאָר ש צ י ע ר ב אַ ק אָ ו ו ראַטהערט

צוגעבען אויף צוויי טהייל וואסער אונ איין טהייל בראָנפֿען 40% . ער ראטהערט מאַכען אזא אָפּוואשונג איין מאָל אין טאָג אין דער פֿריה אונ ווען מען ווערט ניט גיך אנשלאָפֿען, הייסט ער מאַכען דעם זעלבען אָפּוואשונג פֿאר'ן שלאָף. נאָך עטליכע פּראָבעס איז שוין גרינג מאַכען דעם אָפּוואשונג מיט איין מאָל דעם גאַנצען קערפּער פֿון קאָפּ ביז די פֿיס. אָפֿולע גרינגער איז דאָס מאַכען מיט איין שוואָם. נאָך דעם אָפּוואשונג ווישט מען אוים די נאסקייט אין איין האַנטוך. שלאָפֿע, אונ ניערוועזע מענשען דארפֿען ניט רייבען דעם קערפּער. די טעמפּעראַטור פֿון די וואַסער דאַרף מען שטופֿענ־וויים נידעריגער מאַכען. מען הייבט אָן פֿון 24 גראַדוסען אונ מען דערגעהט ביז 15—14—13 גראַדוסען, ד. ה. ביז דער טעמפּעראַטור פֿון דער לופֿט אין צימער. נאָך דעם אָפּוואשונג אונ אויסווישונג איז זייער נוצליך מאַסאַזשירען זיך אַליין, ד. ה. ווען דער קערפּער אונ די הענד זענען טרוקען, נעמט מען מיט דער האַנדפֿלאַכע אונ מען גלעט אוים די גאַנצע הויט פֿין קערפּער, דאַן רופֿט זיך אַרוים זעהר איין איינגענאַהמע וואַרעמקייט אין דעם גאַנצען קערפּער.

בכדי צו אָפּהיטען זיך פֿון פֿערקיהלונג דאַרף מען זעהן אז די טעמפּעראַטור פֿון צימער, אין וועלכען מען מאַכט דעם אָפּ־וואשונג זאָל ניט זיין נידעריגער פֿון 13° רעאָמיור. אויסער דעם, וואָס מיט אַזעלכע אָפּוואשונגען ווערט פֿערהאַרטעוועט דער קערפּער, ווערט אויך געזינטער אונ שטאַרקער די ניערווען סיסטעם. (דאָס איז זייער וויכטיג פֿאַר ניערוועאישע פּערזאָנען), דער אָטהעם ווערט פֿולער, דער פּולס ווערט שט־לער אונ דאָס בלוט פֿרישט זיך אָפּ.

מיט איין וואָרט, ווער עס קען אונ ווער עס וויל זיין פֿריי פֿון פֿיעלע קראַנקהייטען, זאָל זיך פֿערהאַרטעווען. דאָס קאָסט ניט קיין געלד, דאָס נעמט ניט אָפּ קיין פֿולע צייט אונ דאָס קען יעדערער דערגרייכען, נוצט אוים די מעכטיגע קוועלע פֿון געזונד, די גרויסע מתנות פֿון דער רייכער נאַטור: לופֿט, ליכט אונ וואַסער. דורך דעם פֿערהאַרטעווען זיך וועלען שלאַפֿע געזינטער

ווערען, געזונטע וועלען זיין אפגעהיט פון קראנק ווערע, במילא וועט דער קומענדיגער דור זיין געזינטער, און ער וועט אייך אויס־דריקען פון טיפען הארצען איין הייסען דאנק.

א. איזנר



## די פערפיהרטע.

(געדאנקען וועגען מ. ראזענפעלד'ס א ליעד)

דאס, וואס אונזער לעבען איז ארעם און שטויביג, קליין און מיזערנע, טרויריג און שרעקליך; דאס, וואס אונזער לעבען איז א גיהנם, וואו טויזענדער מענשען מאטערן זיך ביז אין טוידט הערייו; דאס, וואס מיר ליידען פיזיש, דאס אלץ איז נאך ניט אזוי שרעקליך, ווי די גייסטליכע ליידען, ווי די גייסטליכע שמערצען, ווי די גייסטליכע קרבנות, ווי די ערנידערונג פון מענשליכען גייסט און בעוואוסט זיין. אונזער לעבען וואלט ניט געווען אזוי פינסטער, ווען די מענשען וואלטען ליידען מעהר ניט, ווי פיזיש, ווייל אין ליידען ווערט דער מענשליכער גייסט פערשטארקט, דער שווערער קאמפף פיר אונזער דאזיין ענטוויקעלט אונזערע פייהגקייטען, די צו־פאלען אין אונזער לעבען און די ניט שטאנדיגקייט אין דער נאטור נייטהען אונז צו צופאסען זיך צו די נייע בעדינגונגען און דער מיט פראגרעסירט דער מענשליכער גייסט! א דאנק דעם שרעקליכען קאמפף, וואס מיר לעבען איבער זענען מיר דערגאנגען צו דער שטופע פון קולטור, צו וועלכער מיר האבען דערגרייכט.

שרעקליכער ווי אלס איז אבער אונזער לעבען מיט זיין

גייסטליכען פערשקלאפען, וואו עס מאטערט זיך אין טיידטליכע קרעמפפען דער מענשליכער גייסט, וואו דער מענש, פאלגענדיג זיינע אינסטינקטען און ליידענשאפטען, מוז זינקען, דאס עס קומט אוים, אז אונזער גאנצעס לעבען איז בכלל א געגענזאץ, אמאוסער דיסאנאנס צו דעם ווירקליכען לעבען, צו די ווירקליכע געפיהלען און מענשליכע בעגיערדען...

דאס מענשליכעס הערץ רעדט: ליעב! און דאס לעבען רעדט: האלט איין דיינע ליידענשאפטען, ווייל די בעדינגונגען זענען דא ניט קיין גינסטיגע! — די געפיהלען פון ליעבע זענען הייליג ביז דאנען, ביז וואנען עס לויהנט צו ליעבען, ביז וואנען דאס איז אין הסכם מיט דער אפענטליכער מיינונג, מיט דער קעשענע, מיט די עלטערען און ענדליך מיט גאטט!...

אט דער קאנטראסט צווישען אונזער פאקטישען לעבען מיט אונזער ווירקליכען לעבען פון אונזערע געפיהלען, די מלחמה צווישען הארץ און מח, די געגענזעצליכקייט פון דער שפראך פון דער נאטור צו דער שפראך פון לעבען, די געשיכטע ווי די מענשען, וואס האבען זיך מעהר צוגעהארט צו דעם, וואס די געפיהלען ריידען, זענען געפאלען — דאס אלעס איז מאלאנטפאל, הערראוים-געשמעלט געווארען ביי אונזער דיכטער מ. ראזענפעלד אין זיין ליעד, „די פערפיהרטע".

אשאפ-מאדעל, וועלכע איז צו אבעסערעס לעבען געבארען, קריעגט ליעב איהר מייסטערס א זוהן, וועלכער איז אי רייך, אי געבילדעט, אי איידעל, אין איהם איז דאס אלעס, וואס קען ערוועקען אברענענדע סימפאטיע אין איונגעם פיהלענדעס הערץ פון א פרויענצימער...

די שאפ-מאדעל איז ניט גלייכגילטיג צו איהם, אין איהר ערוועקט זיך א ליעבע צו איהם. זי ליעבט איהם, ווייל ניט ליעבען קען זי ניט. זי ליעבט, ווייל איהר יונגעס הערץ פאדערט עס...

זי איז איהם אויך זעהר געפעלען, עס פערבינדט זיך צווישען די אבעקענטש, אפט אונ בעכשופט פון איהר שיינקייט, שווערט ער איהר, אז ער וועט זי הייראטהען. אז נור ער איז איהר בעשערטער, ווייל זי איז צו שיין צו פערוועלקען, פאר איהר איז א בעסערעס לעבען פערהאנען. ער זאגט איהר צו הרים וגבעות, נור אז זי זאל ערפילען זיין וואונש. צו קען מען דען אננעהמען זיין וואונש פיר אנ'אונריינעס, צו איז זיין שבועה א פאלשע, אין דער צייט, ווען זיין וואונש איז אויך איהרער, אין דער צייט, ווען דער וואונש איז א נאטירליכער?

בשעת ער האט געשווארען, האט ער געוויס געגלויבט אין זיינע אייגענע רייד; לכל הפחות איז ניט געווען פאלש זיין שבועה פון זיין טרייער ליעבע צו איהר! זי אבער ווייס גאנץ גוט דעם סוף פון אזוינע סצענעס, דער סוף פון אזוינע צעהנדליגער שאפ־מיידלאך ווי זי, וועלכע זענען געווען צו שוואך צו איינהאלטען זיך בענרענעצען זייער ליעבע אונ זענען געפאלען אונ מאוס געוונקען. אונ זי בעט זיך ביי איהם:

בין ארעם אונ עלענד, וואס דארפסטו זיך שטערען?

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אונ דו ביסט דאך רייך אונ געבילדעט אונ איידעל...
געה, זוך דיר א שענערע, רייכערע מיידיל!
א, לאז מיך דאס פייער פון עלענד פערברענגען!
. . . . . . . דו דארפסט מיך ניט קענען.
פערגעס אין מיין שיינהייט, איך דארף ניט קיין גבירות,
א, לאז מיך אין ארמוטה, איך זוך קיין עשירות. —

זי זאגט איהם, אז צווישען די מאשינען וועט זי אנ'עהרליכען אונ געבילדעטען ארבייטער געפינען, ער וועט זי געוויס ניט רואינירען, אויף דער ליעבע וועט אויך דאס לעבען מסכים זיין, ער וועט זי ניט בעטריגען, ווי די רייכע, וועלכע דאס לעבען שטערט צו הייראטהען די שאפ־מאדעל, וועלכעס עהרע זיי בערייבען אונגע־

אבטעט אויף דעם, וואָס זיי ליעבען זיין... נור דיעזע וואָרטער רעדט מעהר ניט, ווי איהר קאַלטער שכל, אָבער דאָס הערץ רעדט אַנדערעש, עס פאָדערט ליעבע; עס קוממט ביי איהר פאָר א מלחמה צווישען מוח און הארצען!... פון איין זייט זעהט זי, ווי זי האַלט ביים פאַללען, איהר קאַלטער שכל רעדט צו איהר, אַז זי זאָלל גלייכגילטיג אויפנעהמען איהר מייסטערס זוהן, אָבער די הערומיגע נאַטור מיט איהר שיינהייט רעדט אַנדערעס, זי וועקט אין דאָס מיידעל דאָס געפיהל צו ליעבע. „דער עפּעלבוים גרינט צווישען די קאָרען, דער פויגעל בליקט רוהיג פון די צווייגען און אַללעס אַרום ליעגט אין שוויינען"...

געשמוכמט האָבען הימעל און ערד און לבנה,
און דו האָסט געשוואָרען פאַר מיר מיט א פייער,
אַז דו וועסט מיר בלייבען אייביג א טרייער!

ווייטער: „........ מיר זיינען געגאַנגען,
דער מאָנד איז, ווי זילבער אין הימעל געהאַנגען,
פון גאָלדענע שטערען בעקראַנצט אין דער סביבה,
וואָס האָבען געשמייכעלט, ווי קינדער נאַאיווע,
די גראָז האָט געשמעקט, געדופטעט די בלומען,
דער וואַסער אין טייך האָט געהאַלטען אין ברומען..."

די שפּראַך פון דער נאַטור איז מאָכטיג, זי בערוישט דעם מענשען גאָר אַנדערס, פון דעם וואָס דאָס לעבען רעדט... אין דעם איז ניט די ליעבע שולדיג — שולדיג זיינען די בעדינגונגען פון אונזער לעבען!.. די ליעבע פון אונזער שאַפ-מיידעל איז אַנ'אָמתע, א ריינע, אָבוואָהל איז ניט געוועזען כדת משה וישראל! די שאַפ-מיידעל איז געבליעבען די אייגענע כשרה נשמה אויך דאַנן, ווען זי איז אין זיין אָרעם געזונקען, אפילו דאַנן, ווען ער האָט פרעך אין איהר הייליגטום הערייגעדרונגען.

זי האָט דאָס בעגאַנגען, ווייל אַנדערש קען אַ מענש, כל זמן דאָס לעבען האָט נאָך ניט אויסגעזיינט פֿון איהר זיינע לעצטע זאַקען. ניט בעגעהען, זי האָט בעגאַנגען אזוי, ווי אונזער ווירקליכע לעבען און געפֿיהלען בעפֿעהלען אונז צו טהון, נור דאָס פֿאַקטישע לעבען איז פֿאָרט געגענזאָצליך אונזער „איך״, עס איז אַ דיסאָנאַנס מיט אונזער לעבען, דאָס דורך דיעזער נאַאיווע ליעבע האָט דעם מייסטער'ס זוהן

איהר עהרע גערויבט, און איהר עהרע צעריסען,
זי ביטער בעליידיגט און ענדליך פֿערשמיסען...

די הייסע מינוט איז שוין איבערגעגאַנגען, ער האָט זיך אַ ביסעל אויסגעניכטערט פֿון זיין ליעבע, הייראַטהען קאָן ער זי ניט, ווייל דאָס איז ניט אין הסכם מיט זיינע אינטערעסען, צושטאַנד אין דער געזעללשאַפֿט און מיט דער געזעללשאַפֿטליכע מיינונג... עס קוממט אין איהם פֿאָר אַ מלחמה פֿון וועלכער ער ליידט ניט ווענינ, ער בערויהעט דאָס, וואָס ער איז בעגאַנגען, אָבער פֿערפֿאַללען: מען קען ניט פֿאָדערן פֿון אַ יונגען מענשען, וועלכער איז געוואָהנט צו אַ גוטען לעבען, קאָמפֿאָרט, אַז ער זאָלל אָנהייבען, צוליעב אַנ'אונגליכער ליעבע, פֿון וועלכער ער אַלליין האָט זיך שוין אויסגעניכטערט, צו לעבען אַ נייעס לעבען פֿון הונגער און נויט! דאַנן מוז ער זי פֿעריאָגען און בעגעהן איין אונרעכט נעגען איהר. פֿאַר צרות רעדט זי:

. . . . איז דענן שולדיג דער טיגער?
דער וואָלף און דער פֿוכס? אַ געמיינע בעטרינער?
איהר מוזט דאָך פֿערצוקען, פֿערגרעבטע הולטאַיעס!
ווי קען דען זיין אַנדערש? בלוטיגע חיות,
וואָס אַרט אייך אַנ'אָרימע מיידעל אַ שוואַכע,
איהר עהרע איהר שאַנדע און ענדליך איהר ראַכע!?

נור דאָס זיינען וואָרטער, וועלכע זיינען געזאָגט געוואָרען פֿאַר צרות און געהאַקטע וואונדען — ניט קיין בלוטיגע חיות זיינען די געמיינע בעטרינגער, דאָס רוב טהוען זיי אויס ליידענשאַפֿט.

וועלכע איז מענשליך, וועלכע איז דאָס לעבען אַלליין און דער
פאַרב פון אונזער לעבען...

און די אונגליקליכע רואינירטע פרוי נעהמט ענדליך צוריק
איהר וואָרט און שרייט אויס:

ניין, דו ביסט ניט שולדיג, איך קום צו פערצייהען...
איך וועל דיך פערלאָזען, איך וועל דיך בעפרייען...

דאָס גוטע אָרעמע שאָפ־מיידעל האָט אין זיך קראַפט צו
בעפרייען איהר שטירצער אין אונגליק, און די שטאַרקע געזעלשאַפט
וועט קיין כח ניט האָבען זי צו בעפרייען פון שאַנד־פלעק,
וואָס די זעלבע געזעלשאַפט וועט אויף איהר נאָכדעם אַרויפלייגען...
גאַרישע וועלט!

לעאָ מאַרגאָליסאָוו.



# ביבליאָגראַפיע.

## די יודישע ביבליאָטעק.

**א ליטעראַרישע פּאָפּולער וויסענשאַפטליכער זשורנאַל. (12 העפטען יעהרליך. צו זעקס דריק־בויגען) רעדיגירט דורך י. ל. פּרץ.**

פּרץ'ס נאָמען און דער נאָמען פון דעם זשורנאַל די „יודישע ביבליאָטעק" זענען אַלטע בעקענטע, וועלכע האָבען זיך פער־רעקאָמענדירט פאַר דען יודישען פּובליקום מיט יאָהרען צוריק. און חאָטש עס האָט זיך אונז די לעצטע צייט געדאַכט, אז פּרץ האָט אָבגע־טראָטען פון זיינע אַלטע אידעאַלען זעהן מיר, לויט דער הקדמה צום ערשטען ביכעל און לויט דען אינהאַלט אַליין, אז מיר האָבען דעם זעלבען אַלטען און עביג נייען פּראָגראַם „בילדונג", אין דעם ברייטסטען זינן.

אונז נאָר בעגריעסען דעם דאָזיגען מאָנאַטליכען זשורנאַל, וועלכען די ליעבהאָבער פון דער יודישער ליטעראַטור האָבען אַזוי געגאַרט, אונ וועלכער האָט שטאַרק געפעהלט, אונ מיר רופען אויס הויך: ווילקאָמען, אָדער פּראָסט יודיש: ברוך הבא! דאָס ערשטע ביכעל איז אַלס אָנפאַנג אפילו ניט איבריג'ס געלונגען, אָבער אויך אין איהם מערקען מיר שוין די שפּורען פון פּרצ'עס געשמאַק, ניט נאָר אַלס שרייבער, נאָר אויך אַלס רעדאַקטאָר, אונ ניט נור מיר האָפען, נור מיר זענען זיכער, אַז די ווייטערדיגע העפטען וועלען אונז בעווייזען אין זיין פולער פּראַכט אונ גלאַנץ דעם רעדאַקטאָר פון יו"ם „בלעטליך", „יודישע ביבליאָטעק", „ליטעראַטור אונ לעבען" אונ אַנדערער אויסגאַבען, װאָס האָבען רייך געמאַכט, אויב ניט בעשאַפען, די נײַ־יודישע ליטעראַטור...

---

# הילף.

אַ זאַמעל בוך פיר ליטעראַטור אונ קונסט. רעדיגירט דורך דער רעדאַקציאָן פון דער יודישער „פאָלקס־צייטונג". פערלאַג „פאָלקס־בילדונג".

---

אויף קברים, וואו אונטען ליעגען צעפוילטע ביינער, בליהען שענע פרישע בלומען, אונ אויף אַזא בלוטיגען באָדען פון די לעצטע געשעהנישען — וואַקסט אויס אַ זאַמעל־בוך „הילף" — אַ בלום אין דער יודישער ליטעראַטור. דער פאַקט געהערט געוויס צו די פיעלע ווידערשפרוכען פונ'ם לעבען... אַ פאַקט איז עס אָבער, אונ קענען אונזער ווילען פרעהען מיר זיך מיט דער

שענער מתנה, וואָס דער פערלאג „פאָלקס-בילדונג“ האט בעשאַנקען די יודישע ליטעראַטור. דורכלעזענדיג דאָס גאַנצע בוך, מיט זיין פראַכטפאָלען קינסטלערישען אויסזעהן אונ רייכען אינהאלט, דאַכט זיך אונז, אז דאָס בוך איז געמאַכט געוואָרען ניט נור צו העלפען יענע אונגליקליכע, וואָס האָבען געליטען פון די לעצטע געשעהענישען, נאָר אויך פאר דעם גאַנצען יודישע פאָלק, צו בעווייזען איהם זיינע גרויסע קרעפטען, וועלכע ער פערמאָגט נאָך אונ וועלכע זענען אין שטאַנד צו אונטערהאַלטען איהם אין די ערגסטע טרויעריגסטע צייטען, געבענדיג איהם מוט אונ האָפנונג אויף בעסערע, ליכטיגערע צייטען... ווען מיר פערגלייכען אונזער „הילף“ מיט זייער „הילף“ קומען מיר צו דער איבערצייגונג, — אז „הילף“ דארפען מיר זוכען טאַקי נור ביי אונז. אונזער „הילף“ איז עפּיס וואַרימער, הערצליכער, אונ קיינער בעט ביי אונז דער פאר קיין דאַנק ניט. דאָס איז דער חוב פון א פאָלק זיך אליין צו העלפען...

---

## דראַבקין אונ יום כפור.

צוויי ערצעהלונגען.

פון דוד פינסקי. פערלאג „בילדונג“

דוד פינסקי איז איינער פון יענע שרייבער, וועלכע טהוען עפּיס אויף אין יעדער רייכער ליטעראַטור, בפרט אין אונזער יודישער ליטעראַטור. ביז פינסקען האָבען מיר געהאַט אבראַמאָוויטש'ען, פּרץ'ן, שלום עליכם'ן אונ אנדערע — פיעל גרעסערע טאלאנטען — פינסקי איז אָבער דער ערשטער, וואָס האָט געשילדערט דאָס לעבען פון די ארבייטער, וועלכע אויסער וואָס זיי לעבען אליין, שאַפען לעבען פאר

אַנדערע, און זייער פּסיחיקא, זייער ליידען, זייערע פּראָטעסטען, זייער בּליק איז פאַר יעדען לעזער אינטערעסאַנט און איבּער הויפּט — בּעלעהרענד. ער איז דער ערשטער, וואָס האָט אונז אַנשטאָט בּטלנים, מלמדים און ישיבה בּחורים, געוויזען דעם אידישען אַרבּייטער, וואָס ליידט, װאָלס מענש, און האָט געוועקט אין דעם לעזער, דאָס רוב אַנ'אַרבּייטער, די זעלבּע געפיהלען...

פּינסקי איז אַ שרייבּער מיט אַ טענדענץ, דאָך האָט פון דער טענדענץ די קינסטלערישע זייט אין זיינע ערצעהלונגען קיינמאָל ניט געליטען. אדרבּא, די טענדענץ אין זיינע ערצעהלונגען זענען געווען נור אַ נשמה, וואָס האָט זיי אויפגעלעבּט. און אפילו די סאַמע חסידים פון „קונסט פאַר קונסט" האָבּען קיין העזה ניט געהאַט אויסצוזעצען פעהלערען אין דער קינסטלערישער זייט פון פּינסקי'ס ערצעהלונגען. אַזוינע ערצעהלונגען, ווי „חיים דער משרת", „דער פערפאַלענער", „אַראָב דער יאָך" און פיעל אַנדערע, וואו די טענדענציע ליעגט פון אויבּען אויף, זענען פעריל אין דער נייער יודישער ליטעראַטור, און האָבּען אויף אַ געוויסען טהייל פון יודישען פּובּליקים אַ שטאַרקען איינדריק געמאַכט. דאָס לעצטע בּיבּעל דראַבּקין און יום־כּפּור בּעשטעטיגען נאָר אונזערע ווערטער. איבּער הויפּט דאָס לעצטע ערצעהלונג „ערב יום־כּפּור", וואו דער טאַלאַנטפאָלער, יונגער שרייבּער האָט קינסטלעריש געגומען די פּסיחאָלאָגיע פון דעם פאַבּריקאַנט „ערב־יום־כּפּור", ווען ער צאָהלט אויס געלד זיינע אַרבּייטער, ווי אַזוי צווייא געפיהלען, פ אַ בּ ר י ק אַ נ ט י ש ע און ר ע ל י ג י ע ז ע ראַנגלען זיך צווישען זיך און די פאַבּריקאַנטישע זענען גובר... דאָ איז ניט דאָס אָרט אויספיהרליך צו בּעווייזען די בּריליאַנטען, וואָס זענען צעשאָטען אויף יעדען זייטעל פון דיעזען ערצעהלונג. מיר האָפען, אין צווייטען בּוך זיך אומקעהרען צו דוד פּינסקי'ן נאָך אַמאָל.

# ל. קאָבּרינ׳ס

## ערצעהלונגען.

(גהעטא דראַמען)

נויאָרק

ל. קאָבּרין האָט זיך שוין געמאַכט אַ נאָמען מיט זיין ערשטען ביכעל יענקיל בוילע אונ אנדערע ערצעהלונגען. געוועהנליך האָט די יודישע קריטיק אין רוסלאַנד פערשוויגען אין גאַנצען דאָס ביכעל, נור מען קען זי ניט בעשילדיגען: די יודישע קריטיק איז פערנומען מיט יושקעוויטשע׳ן, מיט אייזמאַנען, וועלכע טהוען אָן דאָס פאָלק אַ גרויסען כבוד, דער מיט וואָס זיי שרייבען אין רוססישען... אַ שטיקעל גליק וואָס דאָס יודישע פובליקום האָט נאָך אליין אַ שטיקעל חוש־הריח אונ שעצט אָב שטענדיג מעהר אָדער וועניגער דאָס ווערט פון אַ שרייבער. דאָס ניי־ערשיענענע צווייטע ביכעל, וועלכעס ענטהאַלט 207 זייטען אונ בעשטעהט פון 10 ערצעהלונגען, צייגט, אַז דאָס פובליקום, איבערהויפּט די אַמעריקאַנישע, האָט זיך ניט גענאַרט, שענקענדיג איהר אויפמערקזאַמקייט דעם בעגאַבטען בעלעטריסט קאָבּרין. די אַלע נייע ערצעהלונג זענען שטרענג רעאַליסטיש אונ דערמאָנען ערטער־ווייז אַמאָל מאָפּאַסאַנען, אַמאָל טשעחאָווען. געוועהנליך קיין גרויסע מעלה איז עס ניט, אָבער מיר דאַרפען ניט פערגעסען, אַז אין אונזער יודישער ליטעראַטור, וועלכע איז פול מיט בטלנים אונ מלמדים, איז אפילו נאָכמאַכען די צוויי דערמאָנטע גרויסע שרייבער אויך אַ גרויסער פאָרשריט, בפרט אַז ה׳ קאָבּרין מאַכט זיי ניט נאָך, נאָר ער געפינט זיך אונטער זייער איינדריק...

בן־קלמן



# מען קויפט נישט.

(ס ק י צ ע)

אַ חמורנער ווינטער פריה מאָרגען. אין קליינעם שטאָדט-גאָרטען.

זי זיצט אויף אַ באַנק אין אַ זייטיגער אַלעע, און קוקט אויף יעדען מאַנספּערזאָהן, וואָס געהט פאַרביי. זיי קוקען אָבער ניט אין איהר זייט.

איינגעוויקעלט אין דער פאַטשיילע, מיט דעם בלאַסען אָבגעלעבטען פּנים, מאַכט זי אַיין איינדריק פון סתם אַנ'אָרימע פרוי, זי פיהלט עס. זי פּרובט די פאַטשיילע אַראָבצוזוקען אויפ'ן פּלייצע אליין, האָט זי אָבער באַלד צו ליעב צוויי טעמים חרטה: ערשטענס איז איהר קאַלט און צווייטענס רעכענט זי איז בעסער, אַז דער „גאַסט", ווי עס הייסט ביי איהר לויט געוואָהנהייט יעדער מאַנסביל, זאָל בעסער איהר פּנים נישט אָנקוקען. עס איז ניטאָ וואָס! אין קיין שפּיעגעלע האָט זי שוין אפילו פון אַ יאָהר ניט אַריינגעקוקט, נאָר פאַרבייגעהענדיג נעכטען בגנבה אַ רייכע גאַס, האָט זי אין אַ גרויסען פענסטער דערזעהן איהר פּנים. מיט אַזאַ פּנים ליעגט מען אין הקדש — האָט זי זיך אליין געריצט — ווי קומט זי נאָך צו טראַכטען פון אַ גאַסט!

פון דעסט וועגען האָפט זי נאָך אויף אַ שכור... אַ שכור ווייס זי, איז ניט קיין גרויסער איבערקלייבער. פאַר אַ יאָהרען אַז זי איז אַרויס פון האָספּיטאַל האָט זי נאָך ערגער אויסגעזעהן, פון דעסט וועגען האָט זי גלייך אויף מאָרגען געקריגען אַ גאַסט פאַר אַ גאַנצען רובעל, גאָר ווי אַמאָל אין די גוטע יאָהרען, ווען זי איז ביי אַ בעל-הביתטע געווען. אמת, דער גאַסט איז געווען שכור ווי לוט, ער האָט זי פערמוטשעט, אָבער פאָרט אַ רובעל.

נאָר אַלע דורכגעהער זענען ניכטער. עס איז איהר אַ גרויסער חדוש, אונ אַ גרויסער ווערטאָג. אַ מאָוסע וועלט געוואָרען: אַלע האָבען אויפגעהערט צו טרינקען. עס געהט אונטער איהר פּרנסה...

שאַ, אָט געהט איינער עפּיס פריילין. ער קוקט אויף איהר. זי רוקט אַראָב די פּאַטשיילע. אַ שאָד וואָס זי האָט קיין פּודרע ניט. אָהן פּודרע קען מען טאַקע ניט וויסען ווער זי איז, מען קען זי רעכענען פאַר איין ערליכער... אַנ'אונגליק אָהן פּודרע. די ביסעל פּודרע — דאָס איז אַ שילד ווי אויף אַ מאַגאַזין: דאָ פערקויפט זיך דאָס אונ דאָס... יעצט, אַז זי וועט פערדיענען דעם ערשטען גילדען מוז זי קויפען פּודרע...

דער פריילינער גאַסט געהט פערביי. ער דערקענט זי ניט...

שאַ, זי וועט אַ זונג טהון, וועט ער פערשטעהן.

— טראַל — טראַל — טראַל!...

אַ ווינד פערשטיקט איהר דעם אָטהעם אונ זי קען קיין קלאַנג ניט אַרויסלאָזען. דער „פריילינער" איז אַריבער געגאַנגען.

וואָס זאָל זי ווייטער טהון? זיטצען אויף דער באַנק ווייטער אונ וואַרטען! ניין! עס איז אַ שלימזלדיגע באַנק. זי וועט דאָ גאָר נישט האָבען. זי וועט איבער געהן אויף יענער באַנק. דאָרט געהן מעהר מענשען, דאָרט קען איהר דער אייבערשטער עפּיס צו שיקען. אויף יענער באַנק איז אָבער ניט ווייט דער סטאָיקאָווע מיט די גרויסע בייזע וואָנסען. ער וועט זי נעמען אין צערקיל. ביי נאַכט וואָלט אַפילו ניט געשאַדט אין צערקיל איבער נעכטיגען. דאָרטען מוז זיין גאַנץ וואַרים, ביי'ן טאָג איז אָבער אַ שאָד. טאָמער מאַכט זיך פאָרט וואָסער גילדען, זי וויל שוין גוט עסען... עס דרעהט זיך איהר שוין דער קאָפּ. אַ הונגריגע וועט זי געוויס קיין גאַסט ניט געפינען. אַ גאַסט האָט ליעב אַ פריילינע...

זי הייבט אָן רוקען די האַנד אין טאַש פון קליידעל, האָטש זי איז זיכער, אַז זי וועט דאָרטען גאָר נישט געפינען...

שאַ, אָט געהט נאָך איינער, וואָס קוקט אויף איהר. ער קוקט שטאַרק... טראַל — טראַל... טראַל — טראַל... הייבט זי אָן... יענער

זעהט צו, מאַכט אַ רחמנות מינע און פֿרעגט:

— אפשר ווייסט איהר ניט, באָבישע, ווי געהט מען דאַ אויף דער מעד גאַס.

ליעגט ער אין דר'ערד מיט דער מעד גאַס. באָבישע רופֿט ער זי נאַר. זי וואַרט אויף אַ גאַסט און ער רופֿט זי באָבע. ער קוילעט דאָך זי אַוועק, ער נעהמט דאָך אוועק איהר ברויט...

— ברעכט דעם קאָפּ מיט דער מעד גאַס! שילט זי. ער האָט זי דערמאָנט אַזאַ רייכע גאַס. אמאָל פֿלעגט זי דאָרטען שפּאַצירען... איצטער...

איצטער איז זי שוין טאַקי אַלט! זי מוז האָבען נויטיג פּודרע און פֿון דער פּאַטשיילע פּטור ווערען. די פּאַטשיילע מאַכט איהר אַלט... זי וועט איהר פֿערקויפֿען. שוין פֿערקויפֿט זי איהר.

דאָס איז דאָך אַ גליקליכער פּלאַן! זי קען נעמען אַ רובעל אוודאי. אַ רובעל, אַ רובעל! זי וועט גלייך געהן עסען און קויפֿען פּודרע... זי וועט ווערען אינגער. און זי איז דאָך טאַקי ניט אַלט... „ווי אַלט דען בין איך?" זי וויל זיך דערמאָנען ווי פֿיעל זי איז אַלט. נאָר זי קען ניט, זי האָט פֿערגעסען! אַלע יאָהרען איהרע האָבען זיך ווי צעמישט און זענען געוואָרען אַ שטיק עפּיס שוואַרצעס און זי קען ניט חאַפּען די צאָהל און די מאָס. זי ווייס נאָר, אַז זי האָט אָבגעלעבט אַ שוואַרצען שטיק לעבען...

אָבער די פּאַטשיילע טראָגט זי שוין פֿערקויפֿען. שוין טאַקע. און טאָמער וועט זיין קאַלט? דערשרעקט זי זיך.

זי פּרובט מאַכען אַ פּראָבע: זי נעמט אין גאַנצען אַראָב פֿון זיך די פּאַטשיילע און האַלט עס אין האַנד און זיצט אַזוי אַ ווײַלע.

— עס איז גאַר ניט קאַלט. מען קען זיכער זיצען אַזוי.

זי שמועסט זיך איין, אַז עס איז פֿיעל שענער. זי וואָלט וועלען אַ קוק טהון אין אַ שפּיגעלע, זעהן ווי זעהט זי אויס אָהן דער פּאַטשיילע. אַ שאָד וואָס דאָס טייכעל אין גאַרטען איז פֿערפֿראָרען. אין טייכעל פֿלעגט זי אַלע מאָל אַריינקוקען פֿלעגט

זיך זעהן פונקט ווי אין א שפיגעל.

די פאטשיילע טראגט זי שוין פערקויפען. און טאמער וועט האבען גרויסע פרעסט, שטעלט זי זיך ווידער אב אין מיטן וועג.

זי וואלט האטש וויסען וואס פאר א חדש איז היינט, „שבט“, ווייס זי, איז די גרעסטע פרעסט. עס מוז שוין זיין שבט. ווי לאנג דער ווינטער ציהט זיך! שוין אויך א גרויסער שווארצער שטיק.

עט! זי וועט פערקויפען די פאטשיילע. זי דארף קיין פאטשיילע ניט. זי האט זי פיינט!...

אט דער זעהט זי א הענדלער מיט א זאק אונטערן ארים.

זי האפט אראב די פאטשיילע, וויקעלט עס איין, ווי א שטיקעל סחורה און לעגט פאר:

— קויפט ר׳ איד׳, א גוטע פאטשיילע.

— א געגנב׳טע, וואס? קוקט איף איהר דער הענדלער.

— מיינע שונאים זאלען גנב׳נען! בעלעדיגט זי זיך — איך בין אנ׳ערהליך-מיידעל.

— א מיידעל... וואונדערט זיך דער הענדלער. איך האב געמיינט, איהר האט שוין אייניקליך.

זי פיהלט, אז יעדעס ווארט פון הענדלער פאטשט איהר און זי שטעלט זיך פאר, אז די באקען מוזען זיין ביי איהר אזוי רויט ווי אין די גוטע יאהרען.

— נו, קויפט...

— איך האנדעל ניט מיט פאטשיילעס... ענטפערט דער האנדלער טרוקען.

דאס איז עפּיס נאר א מאדנע זאך. אלץ קויפען זי, נאר ניט קיין פאטשיילעס. פאר וואס? זי פיהלט, אז עס איז אנ׳עולה. א פאטשיילע איז קיין סחורה ניט, וואס?

זי האפט, אז זי וועט אין דער „בילינגער“גאס פערקויפען. זי טראגט א הין.

— קויפט א פאטשיילע! שלאגט זי פאר.

— מיר קויפען ניט קיין פאטשיילעס. הערט זי אנ׳ענטפערט.

זי טראָגט אין אַ צווייטען געוועלב.

— קויפט אַ פּאַטשיילע...

— געהט אייך, געהט אייך, מען דאַרף ניט!

און אַ פערשעמטע געהט זי אַוועק מיט דער פּאַטשיילע צוריק אין קליינעם גאָרטען, און מיט אַ קללה אויף די ליפען, זוכט זי קונים אויף זיך.

נאָר זי קויפט מען אויך ניט...

א. רייזען

---

# צוויי געדיכטע

פון

## ה. ד. נאָמבערג

### I

איך קאָן אַ מיידעל זעהר אַ שענס,
איך זיץ בײ איהר גאָר גערן:
זי האָט אַלאַנגען שוואַרצען צאָפּ,
אַ שמאָלען גלאַטען שטערן.

אַ מויל אַ קליינס, אַ פרישס, אַ רויטס,
וואָס עפענט זיך גאַנץ אָפט;
צוויי ברוסטען קליינע, און אַ האַרץ,
וואָס ציטערט, ליעבט און האָפט.

בײ איהר אין שטוב איז אויפגערוימט,
דאָס בעט איז צוגעבעט...
מיר זיצען, רעדען שעהן־לאַנג —
איך ווייס נישט וואָס מען רעדט:

די ליפען איהרע ריהרען זיך;
— וואָס האָט מאַרי געזאָגט? —
„היינט האָט די מאַמע אונזער דינסט
פון שטוב אַרויסגעיאָגט".

— אַזוי? די דינסט? — פֿערטראַכט איך מיך
או־וואַ! אַ מאָדנע זאַך.
איך וואָלט די ליפּען אויסגעקוּשט,
און זיין און רעד און לאַך.

אין דרויסען פֿאַלט די נאַכט שוין צו;
„וואָס האָט איהר אַייך פֿערטראַכט?"
איך חאַפּ מיך אויף: וואו בין איך דען?
און זאָג: אַ גוטע נאַכט...

II

קאָן איך דען פֿערשטעהן,
וואָס עס איז מיט מיר,
אַז מיין שטאָלצען קאָפּ
בייג איך אַיין פֿאַר דיר?

קאָן איך דען פֿערשטעהן,
וואָס ביי דיר דערוועקט
מיין פֿערליעבטער בליק,
ווען ער בעט און פֿרעגט?

ריהרט ער שטיל דאַן האַרץ,
אָדער שרעקט ער דיך?
האָסט דו מיטלייד, קינד,
און בעדויערסט מיך?

אָדער לאַכסט דו גאָר
קינדיש, ווילד און פֿריי? —
. . . . . . . . . . . . . . .
זיי געזונד, מיין קינד,
בליעב דיך סיי־ווי־סיי.



# דינעזאהן׳ס „יוסעלע״.

## פון פאביוס שאך.

די זשארגאנישע ליטעראטור איז די יונגסטע ליטעראטור אין דער וועלט. אבראמאָוויטש׳ס „קליאטשע״ איז געווען דאס ערשטע רעכטע ווערק אין זשארגאן, און עס האט לאנג געדויערט, ביז עס האבען זיך אנגעהויבען בעוויזען נייע ווערק. דרייסיג אדער פירציג יאהר איז פיר די היסטאריע פון אליטעראטור זעהר אקורצער פעריאָד. אונזער זשארגאָנישע ליטעראטור איז טאַקי נאך זעהר יונג און האט אלע מעלות און אויך אלע חסרונות פון יעדער יוגענד. זי איז שעֶהן, געזונד, פריש און קרעפטיג; זי לאַכט נאך און וויינט מיט׳ן גאנצען הארצען, זי שטורעמט און רוישט — זי איז אבער אויך נאך אַ ביסעל אונגעשיקט, נישט גענוג זעלבסט בעוואוסט און זי האט נישט קיין קלאָרען בעגריעף פון די ציעלען, צו וועלכע זי שטרעבט.

עס איז ניט׳א קיין איין ריכטונג, וואס מען זאל איהרע שפורען נישט געפינען אין דער היינטיגער זשארגאנישער ליטעראטור: ניטשע און שעקספיר, שיללער און העגעל, מעטערלינק און נאָרדוי — פון די אלע, אלטע און נייע, קאנט איהר געפינען אַן אָבקלאַנג אין אנדערע איהר וועלען געוויס דאס האלטען פאר אַ אונגליק, איך אבער פרייע מיך פון גאנצען הארצען איבער דער ערשיינונג. וואו עס איז דא לעבען, דארט איז דא אצוקונפט. גרויס מוז זיין די קראַפט פון אַ פאָלק, וואָס האָט אין אזא קורצער צייט געקאנט ארויס געבען אזוי פיעל לעבען, אזוי פיעל

שענהייט און אריגינאליטעט. די זשארגאנישע ליטעראטור איז דאס רוב אפראָליטאַריער־ליטעראטור, זי איז געשאַפען פאר די ארעמע און געקוועלטע פון אונזער פאלק, און — דאס מוזען די פיינד און די פריינד פון זשארגאן מודה זיין, אז אזא גרויס־אַרטיגע פראָלעטאריער־ליטעראטור, ווי אונזער זשארגאן האט קיין שפראַך אין דער וועלט נישט.

אין דער זייט פון דעם דאזיגען ליטעראטור־יריד, אבגעזונדערט פון די נייע ריכטונגען און ציעלען, שטעהט זיך אשטילער מענש. ער שטעהט זיך שטיל, איינפאַך און בעשיידען; ער האט זיך אויסגעזוכט אשטיק פעלד, וואס ער בעאַרבעט, וואס ער האט ליעב מיט'ן גאנצען הארצען, און ער פיהלט זיך צופריעדען, ווען ער קאָן מיט זיין טאַלענט און פלייס, מיט זיין גוט הארץ און מיט זיין בענקענדיגער נשמה אביסעל נוטצען ברענגען זיין פאלק. דער מענטש הייסט: יעקב דינעזאהן.

דינעזאהן איז נישט קיין פיינער, טיעפער פאָעט, וואס זאלל מיט 3 שורות אונז פערטראגען אין אאנדערע וועלט פון שענקייט: ער וויל דאס אויך גאר ניט, ער וויל נישט מעהר, ווי ער קאָן, און וואס ער קאן, דאס גיט ער מיט ליעבע, מיט זיין ווארעמען, עהרליכען טאַלענט. דינעזאהן איז אגוטער בעאָבאַכטער און אגוטער שילדערער; ער האט געזונדע אויגען צו זעהן און אווארם האַרץ צו פיהלען, און וואס ער זעהט און וואס ער פיהלט, דאס גיט ער איבער, אמת אמאל צו פיעל אבער שטענדיג וואַרים, דינעזאהן האט זיך אויסגעזוכט אַ ספע־ציאַליטעט: דאס לעבען פון די יודישע קינדער. און דאס איז גיט אזוי גרינג. ווי עס איז שווערער צו זיין אדאקטאר פאר קינדער, ווי פאר גרויסע מענשען, ווייל די קינדער קאנען ניט ארויסזאגען, וואס עס טהוט זיי וועה, — אזוי איז אויך שווערער די נשמה פון אקינד צו דערפאָרשען, ווייל מען מוז קאנען גוט בעאבאַכטען אין ביז אין הארצען אריינקוקען. די נשמה פון אקינד איז אבוך, וואס נישט יעדער קאן דאס לעזען

מען מוז האבען ליעבע צו קינדער, מען מוז זיי פֿערשטעהען, — דאַן עפֿענט זיך אונז זייער הארץ, און מיר קאנען זעהען, וואס פֿאר פֿריידען און ליידען דארט שפּיעלען זיך אָב. דינעזאהן איז דער גרעסטער ספּעציאַליסט פֿאר דיעזען פֿאַך. און זיין בוך „יוסעלע" איז דאס בעסטע בוך פֿון קינדער־פּסיכאָלאָגיע אין דער יודישער ליטעראטור דיענעזאהן האט געשריעבען פֿיעל ביכער, וואס זיי שטעהען קינסטלעריש פֿיעלייכט העכער, ווי „יוסעלע", אבער א בעסערען קינדער־ראָמאַן האט ער ניט געשריעבען. ווער עס זוכט אראָמאַן פֿון „אהעלד" מיט „אהעלדין", דער וועט פֿון „יוסעלען" קיין נחת און קיין פֿרייד ניט האבען. ווער עס וויל אבער זעהען דאס יודישע לעבען מיט זיינע גרויסע און קליינע שמערצען, דאס לעבען צו־הויז, אין בית־המדרש, דאס לעבען פֿון חדר, פֿון דער יודישער געמאַטערטער און געקוועלטער נשמה, — דער וועט געפֿינען אין „יוסעלען" אריכטיג בילד.

„יוסעלע" איז אגענויע בעשרייבונג פֿונ'ם ארעמען יודישען קינדער לעבען, פּראסט און איינפֿאַך געשריעבען, און אין דיעזער איינפֿאַכקייט ליעגט די פּאָעזיע. אונזער פֿאלק האט פֿיעלע קינדער־טראַגעדיען, און זיי ווערען געשפּיעלט ניט אין טהעאַטער, זאָנדערן אין חדר. אפֿאלק, ביי וועלכען די קינדער קאנען נישט מעהר לאַכען און פֿיהלען שוין אונזער היסטארישע שמערץ, — איז אטראַגישעם פֿאלק. די שלעכטע ערציעהונג איז אונזער גרעסטעס אונגליק. מיר יודען זענען אָפּפֿער פֿון דער פֿאלשער ערציעהונג, מיר האבען אגרויסען בית־עולם מיט לעבעדיגע מתים, און מען קאן שטעלען אמצבה מיט די עטליכע ווערטער דערויף: „די קרבנות פֿון שלעכטער ערציהונג". טויזענד מענשען געהען פֿארביי און זעהען גארניט. דינעזאהן זעהט דאס אלס־ינג מיט די אויגען פֿון איודישען שריפֿט־שטעללער און ער בעשרייבט אונז די גרויסע טראַגעדיע פֿון אונזערע קינדער.

יוסעלע'ס טאטע איז אַ טרוקענער גמרא יוד, וואס פערשטעהט נים די מענשען, וועלכע ביינקען נאך שענקייט. די יעניגע וואס ז־בען

פאעזיע מיט די אויגען און מיטדער נשמה, זענען אין גהעטטאָ טראַגישע פיגורען, ווייל מען פערשטעהט זיי נישט, זיי לעבען אין אפרעמדער וועלט, אין אוועלט, וואס איז נישט פרעמד געוועזען אונזער פאלק, בעת מיר זענען נאך געווען אגעזונדעס, גליקליכעס נאַטורפאָלק, וואס איז אונז אבער פרעמד געווארען דורך דעם ביטערן, פינסטערן גלות.

יוסעלעס מאמע איז אפראָסטע יודינע, וואס האט אין איהר גאנץ לעבען נאך קיין איין ליכטיגען, גליקליכען טאג נישט געהאט. זי איז אפרוי מיט אוויבערען הארצען, זי האט קיין גמרא נישט געלערנט, איהר שולחן־ערוך איז איהר סוטערגעפיהל, איהר גליק איז איהר קינד, וואס זי איז שטאָלץ מיט איהם ווי אקעניגין, זי וויל איהם ערציעהען צו גרויסע זאַכען, ער זאל ווערען א „גדול בישראל". אט ליידט זי גערן אלע צרות פאר איהר קינד, זי הונגערט און פריהרט אוג אַרבעט ווי א פערד, אַבי דאס טייערע יונגעל זאלל לערנען. אז זי קריגט אפאָר רובעל, וויל זי קיין שיך און קיין קלייד, — נאר שכר־למוד בעצאהלען. אבער שפעטער קען זי נעביך קיין געלד נישט קריגען, און דא הויבט זיך אָן איהר טראַגעדיע. זי איז אמוטער, זי ווייסט, וואס איהר קינד ליידט, זי פערשטעהט איהם אפילו ווען ער קלאגט נישט און ליידט מעהר ווי ער. דיעזע פרוי איז א אמת'ע העלדין; זי לעבט און זי אַרבעט, זי קוועלט זיך און ליידט אלע יסורים פאר איהר טייער קינד און צום סוף שטאַרבט זי פאר איהם.

יוסעלעס שוועסטער איז אפראָסט יודיש מעדעל, געבארען צו יסורים. וואס איז א מעדעל? גאר נישט, קיין עולם הזה און קיין עולם הבא נישט, נישט עססען און נישט לערנען, נאר ארבייטען. איהר איינציגע נחמה איז איהר ברודער'ל. זי וויל גערן פאר איהם ארבייטען, איהם אוועק גיגעבען דעם לעצטען ביסען ברויט פון מויל. איהר ברודער'ל איז איהר גאנץ לעבען, איהר נשמה קלעבט זיך דאַראַן... און ווי פיעל א זעלטע טייערע שוועסטערליך

ווערען פערשוואַרצט ביי אונז יודען! מען וואלט געקאנט פון דיי
מאַכען אזוי פיעל גוטס, אזוי פיעל שענקייט — ווען די פערהעלטניסע
וואלטען געוועזען אנדערע....

יוסעלעס מלמד, וואס מען האט איהם איבערגעגעבען די
נשמה פונ'ם ארעמען יונגעל און וואס ער בעגראבט זי, איז
אויך קיין גזלן נישט. ער האט טאקי פיעלייכט יוסעלע'ן מעהר
ליעב, ווי די קינדער פון די נגידים, אבער ער איז אטרוקענער
מלמד; ער ליידט הונגער, ער איז איין שקלאַוו פון זיין מלמדות,
ער האט מורא פאר די קינדער פון די נגידים, ווי פאר פייער.
אט ווערט ער אמעדרער און קוילעט אוועק דאס לעבען פונ'ם
ארעמען יוסעלע'ן און מערקט דאס גאר ניט.

אט אזוי פיהרט אונז דינעזאהן פאַר אין דיעזען ראמאן
אלער האנד בריות, אלע לעבעדיג און טריי קאָפירט פון דער
נאַטור, און שילדערט אונז דאס אללעס אזוי איינפאַך, אזוי
ריהרענד, אז מיר זעהען, אז איהם אליין טהוט דאס יודישע
הארץ וועה איבער דער טראגעדיע פון זיין פאלק און ער
וואלט אזוי גערן וועלען העלפען. און ער הלפט טאקי.
ווארום ווער עס רעדט צום פאלק אויף זיין שפראך,
ווער עס גיט איהם אביסעל ליכט אין זיין פינסטערניש,
אביסעל בילדונג אין זיין אונגליק, דער איז זיין אמת'ער
פריינד.



# ענציקלאפעדישע ווערטער־בוך.

## הערוים געגעבען פין דעם משוגענעם פיליזאף.

(מ. ווינטשעווסקי).

## א.

אנזעצען. רויבען על פי דין

אַרטאדאקס. אַנ' אקס אהן הערנער.

אַקטיאָר. איינער, וואס לאבט ווען ער וויל נישט, וויינט ווען איהם איז בעסער אויף'ן הארצען אונ שטארבט, ארער האט חתונה ביז זעקס מאל אַ וואָך.

אתה בחרתנו. די שווערסטע קאנאנע פון די יודענפרעסער.

אספאלט. מיט וואס מען בריקירט נישט ארימע קווארטאלען אין איירא‍פאַ.

אפערא. פאר איינינע אַ טעמפעל, פאר אנדערע אַ שלאָף־צימער, — פאר יונגע פראנטען — אַשיינע מיידליך — בעטראכטונגס — אינסטיטוציאן

## ב.

באנבע. וואס קיין שיינע מיידעל וויל נישט ווערען.

בוין־וויטאג. דער אויסלאז פין א פעטען ווילנער רעטשישניק.

בוים. וואס וואקסט אין דער הויך אונ אין דער ברייט, ווייל ער קומט נישט אין יונגערהייט אין א פאבריק אונ קריגט נישט געגראבען די ביינער אין אַ חדר, אדער ביי אַ שטיעפמאמען.

באנקראט. וואס א בעל־מלאכה קען גאר נישט מאכען, א סוחר — לייכט.

באַרשט. אזאַ, וועלכע בעוויזט ווי גערעכט דער עולם איז ווען ער זאָגט: פין אַ דבר־אחר א האאר איז אויך גוט.

באל. אַנ' ארט וואו ליידיג־געהער פערדיכען דעם טעם פין הארעווען שוויצען אונ ארבייטען ביז שפעט אין דער נאכט.

בכורה. וואס יעקב אבינו האט געקויפט פאר א טאפ ליגזען: די ערשטע יודישע, ווילדע מציאה.

## ג.

**גוט.** נאריש.

**גאללעריע**, אין טהעאטערן א הויכער ארט פאר די „ניעדריגע" קלאסען ;

**גאל**, דאס וואס קריעכט ארויס ביין ארעמאן.

**גליק.** נאך וואס מענשען יאגען זיך, עס נישט זעהענדיג ; וואס יעדער געפינט ביי זיין געליעבטע אונ פערליערט ביי זיין ווייב.

**גייסט**, וואס אגרויסער מאן האט, אררייכער מאן קויפט. אנ'אבערגלויבער זעהט אונ קיינער פערשטעהט ניט.

**גימטריא.** איינע פון די זאכען, אויף וועלכע עס געהט אין ניוועץ א אידישע גוטע קעפעל.

**גראז.** דאס וואס וואקסט פון זיך אליין, און לאזט זיך טרעטען אונטער די פיס.

**גם־זו־לטובה.** וואס קיין פרומער איד זאגט ניט מיטען גאנצען הארצען.

**געשעפט.** עליות, אתה־הראתה. פתיחת־הארון, חתן תורה און חתן בראשית, שטעט אין שול און שולען אין שטעט, הושענות, לולבים, אתרוגים, גבאות, רבנות, חזנות, שמשות, מגידות, בדחנות און פיעלע מצוות, עבירות, פדיונות, כפרות, התרת־נדרים, מצה שמורה און הונדערט אנדערע זאכען וועלכע מיטוט דעם אויבערשטען צוליעב.

## ד.

**דרוק.** אנ' ארט וואו עס ווערען צייטענוויין פערשוואַרצט אי דאס פאפיער, אי דער זעצער, אי דער שרייבער, אי דער געגענשטאנד וועלכער איז בעשריעבען געווארען.

**דריידלעך.** וואס אידישע אינגלעך מאכען חנוכה און לומדים א גאנץ יאהר.

**דענקען.** קרענקען.

**דאווענען.** אבמורבלען א בקשה צו גאט און זיך נאכהער וואונדערן וואס ער הערט ניט.

**דאמע.** אלעריג־געהערקע.

**דוממהייט.** דאס וואס דער קלוגער זעהט אין זיך אונ דער נאַרר אין אנדערע.

**דין.** פון וואס מען ווערט דיק ווען מען קריעגט גוטע פסק־געלד.

**דאקטאר.** איינער וואס האט ניט קיין טאג און קיין נאכט ווען ער האט אנאמען ; אמענש אין וועלכען מי גלויבט ווען ער האט אפאר פערד, איינער פאר וועלכען מי כאפט ארא די היטעל. איינער וואס האט מיט געלד קראנקע און אן געלד אקרענק.

## ה.

**האבען.** נעמען, כאפען, אויסנארען אונ קריעגען אויף אלערליי אופנים, אַ מאל עהרליכע, אפט נישט.

**הכנסת־כלה.** מאבען פין אַן אָרימע מיידיל אַן ארימע ווייבעל און אַן ארימע מאמע פאר ארימע קינדער.

**האנד.** וואס אַ יונגע „דאמע" גיעט כלומר'שט נישט ווילענדיג אונ אַ יונגע מיידעל מיט הארץ וואס מענשען האבען צו צווי, אבעזיאַנעס צו פיער אונ בלי־קדש צו הונדערט.

**האנדישוה.** אַ שוך פאר אנ'עדעלע האנד:

**האפנונג.** די מוטער פון דער געדולט; דעם ארימאנ'ס לאטטערעי־צעטטעל, וועלכע קומט כמעט קיינמאל נישט ארויס מיט אַ געווינס.

**הוסט.** דעם שעמעדיגען ארימאנ'ס מעלדונג ווען ער קומט צו ארייכען בעשעפטיגטען קרוב.

**הארץ.** א זאך אהן וועלכע א העלפט, פיעללייכט מעהר ווי אַ העלפט, געדיכטע וואלטען געבליעבען נישט געשריעבען.

**הקדמה.** דאס אויסהוסטען זיך פון מחבר; עהדער ער טרעט צו צום ווערק.

## ו.

**וואלגער האלץ.** אַ מין כלי־זין אין אמלחמה צווישען מאן אונ ווייב; אויך וועלכע מאכט פון טויג דאס זעלבע וואס אמגיד פון א פסוק, נעמליך: אַן אויסגעשפרייטע, פלאכע דינע מאַבערייי צום שניידען און ברעקלען.

**וואהרהייט.** די ביטערסטע פילל אין די מענשליכע אפטייק, וועלכע איז געפעהרליך איינצוגעבען אונ אונאנגענעהם אראבצושלינגען.

**ווארם.** אויך וואס פיעלע גיעבען אונ זעלטען ווער עם האלט.

**ווינד.** פון וואס פיעלע אידען לעבען.

**ווערים.** שרצים, וועלכע האבען הנאה נאכן טויט דער פון וואס מיר האבען הנאה געהאט פון לעבען.

**ווילדע.** מענשען, וועלכע טראגען נישט קיין מאנשעטען אונ קיין קראגענס.

## ז.

זאלבענאנד. וואס א פיינע פאאר פאלק זענען פאר דער חתונה, ווען
האלטען זיך נאך דער חתונה ווען זיי קריגען זיך.

זופ. וואס מען גיט ארימע לייט ווען זיי שרייען: ברויט.

זאקען. וואס ביי אידען איז ריין פערהעפט אונ גאנץ ערב תשעה באב או
ערב יום כפור.

זיטליכקייט. זאטליכקייט.

## ח.

חלה. וואס פרומע ווייבער נעהמען פון חלה.

חרטה. וואס די מייסטע מענשען האבען א חדש נאך דער חתונה.

חלומות. זאכען, וואס מען קען פאר א צווייטען אויסלייגען לייכטער ווי גאלד.

## ט.

טאנצען. אזאך וואס פיהרט צו שדוכים, צום שיכעל־קראם אונ צום דאקטאר.

טרויער. וואס די רייכע לייט טראגען און ארימע פיהלען.

טאשענטוך. אהן וואס א גאנץ פרומע גאז מוז אויס קומען יעדער שבת.

טיר. אגוטע זאך פאר סופרים פון מזוזות.

טאג, וואס אין חומש איז געווארען איידער די זון איז בעשאפען געווארען.

טראכטען. וואס פרומע אידען טארען נישט.

טרייסטען. ארויסווארפען רייד, דערביי גאר נישט פערליערענדיג.

## כ.

כאבאר. וואס אין רוסלאנד נעהמט א מעקלער אונ אין אמעריקא א סענאטאר;
דער מעקלער פארן ריידען, דער סענאטאר פארן שווייגען אונ
שטומען.

כאפען. האבען.

כ'זאג. א פאעטיש אעסדריק אין אידיש.

כונה. מיט וואס א חזן עסט פארן דאווענען.

כעס. אין וואס מען איז ווען מי איז אונגערעכט.

## ל.

**לעדער.** וואס מיר האבען פון בהמות אויף רציעות. צו תפילין, אויף צופלונעס פאר קינדער, אויף ראפניקעס פאר רוקענס און אויף שיך און שטיוועל. ווען מיר זיינען אלליין נ'ט בהמות.

**ליגען.** דאס וואס ליעגט ביין קליגען אויף'ן לינג, ביין נאררען אויף'ן; צינג. ביין שעמענדיגען אויף'ן נאז; וואס עס איז ערלויבט דעם ערשטען אפריל אונ... אגאנץ יאהר. פון וואס ארמאנען שרייבער מאכט אלעבען.

**לייב.** אַ גוף; וואס רייבע מיידליך פער קויפען אונ ארעמע פערדינגען.

**לייכט.** אלץ וואס איז נישט שווער חוץ א שווינגער.

**ליכט.** א זאַך וואס זעהט זיך אליין, אום אנאנדערען צו בעלייכטען.

**ליפפען.** וואס די ליעבע געברויכט צום קומען דער האר צום פלוכען דער כעס צום בייסען די ארעם־בחורים צום שמאקעווען זיך איבער אגעבראטענעם הערינג.

**לעמעלע.** איינער וואס נאַרט, געבעך, קיינעם נישט אָבּ.

## מ.

**מורא.** וואס א מלמד האט פאר א יאוועען; וואס א פרויענצוממער האט פאר אַ מויז; וואס א דאמע האט פאר איהר שלעפע; וואס אווירטהין האט פאר איהר דיענסטמיידעל.

**מחבר.** אפערשווארצער, וועלכער ווערט פערשווארצט.

**מלמד.** איינער וואס האט ניט געטויגט פאר א קרעמערל.

**מבול.** אַ פערפלייצונג, פון וועלבער עס האבען זיך ארויסגעראַטעוועט עטליבע מענשען און אסך בהמות.

**מחילה.** וואס א איד בעט ביי די טויטע, ווייל ער וויס, אז קיין בעסערס זאַך קען מען פון זיי ניט אויס בעטען. *)

**מיד.** וואס מען ווערט ארומגעהענדיג לעדיג אונ אויסצאהלענדיג חובות

**מעת־לעת.** א מינוט אין פריידען, איאהר אין שמערצען.

---

*) אין קינפטיגען יאהר בוך (1905) וועט ערשיינען דער פארטזעצונג.

# אפאריזמען.

## פון ל. בערנע.

1) די ערפאהרונג, איז אזוי ווי א שיין מיידיל, וועלכע קען זיך ניט אויסקלייבען קיין חתן. עס פערגעהען יאהרען אונ יאהרען ביז דו קריגסט זי, אונ האסטו זי, ענדליך געקראגען — זיינט איהרביידע שוין אלט אונ איהר טויגט ניט מעהר צוזאמען.

2) אזוי ווי אַ קינד, קען דאס פאלק נאר וויינען אדער לאכען, מען דערקענט גלייך אז עס פיהלט שמערץ אדער פריידע; אָבער עס איז שווער צו וויסען, וואָס איהם — דעם פאָלק — פעהלט, אונ מיט וואָס עס פרעהט זיך.

3) קלוגהייט איז אָפט אזוי צו לאסט, ווי אַ ליכט אין אַ שלאָף צימער.

4) גרויסע הערצער ווערען, ווי דער אקעאן, קיינמאל ניט איינגעפרארען, דער פאר אבער שטורמען זיי אונ זייער ליעבע טראָגט צייטענווייז אין זיך מעהר געפאהר ווי דער האס פון די קליינע מענשעליך.

---

# אפאריזמען.

## פון י. גארדין.

צו זאל דער יחיד געהן נאכ'ן רבים אויך דאַן, ווען דער יחיד איז אַ דעקענדער מענש אונ דער רבים אַ שטאַל מיט פערד, וועלכע טופען מיט די פים אונ הירשזען?

*
* *

אַ מענש לעבט ניט דערויף די פערד זאלען איהם פיהרען אין שטאל אריין, ער לעבט דארויף, אז ער זאל די פערד אין שטאל ארוים פיהרען.

*
* *

אמאל איז קין ארומגעגאנגען נע ונד דערפאר, וואָס ער האט פערגאסען זיין ברודערס בלוט, היינט אָבער איז נע ונד דער, וואָס זאגט, אז מען דאַרף דעם ברודערס בלוט ניט פערגיעסען.

*
* *

אַ מאָל האט דאס יודישע פאָלק געשלאגען יעדין גרויסען אונ וואהרען גביא אונ היינט קען יעדער פאַלשער אונ קליין גביא'לע שלאגען אונ אונטער דריקען דאס גאַנצע יודישע פאלק.

*
* *

דער וואס איז גערעכט דארף דיין רחמנות — ער פאדערט גערעכטיגקייט!..



# אין יענער צייט.

## פון מענדעלי מוכר־ספרים.

---

אז א יוד קומט פונ׳ם וועג, מוז ער האָבען צוגראָבענע
זיטען אונ פיהלען א וועהטאָג אין דער פלייצע פון דעם זיצען
אין ענגשאַפט — זיעבען פערשוין אויף איין אָרט. ווי דער יוד
געהט נאָר אריין אין וואָגען, איז ער מפקיר זיינע ביינער אונ
זיין לייב אונ לעבען. נאָר לא עליכם, רבותי, איהר זאלט ניט
וויסען פון דעם וועהטאָג, וואָס איך האָב געפיהלט אין אלע
מיינע ביינער, אַז איך בין, נאָך אלערליי מיני יסורים אונ וואָ־
גלעגישען, אָנגעקומען קיין אָדעס. אַלע מיינע ביינער האבען דאַמאָלס
געפיהלט, ווי אמת עס זיינען אונזערע חז״ל רייד, וואָס זאָגען
אויפ׳ן פסוק „נשיתי טובה״ (איך האָב פאַרגעסען גוטעס) מיינט
מען א מרחץ, היינו פראָסט א מרחץ: מיט אַלע פיטשעווקעס: מיט
די ברייטע ביינק אונ די לאַנגע דראָנגעס אויף צו הייגען איף
זיי פלידערען מיט זאָקען אונ אַלערליי מאַנסבילשע בגדים; מיט
א רופא א מומחה, גואָס זיצט אין א ווינקעל אונ א ליכט ברענט
פאַר איהם, גאָלט אונ צאַפּט בלוט, אזוי ווי ס׳פּאַסט אחינו בני
ישראל. דאָס „גוטס״ האָב איך דאַן זעהר בעדאַרפט האָבען אונ
ס׳איז א גרויסער שאָד, וואָס אַט דאָס „גוטס״ אונ די אלע איבעריגע
גוטע מתנות, מיט וואָס עס ריהמען זיך די קליינע שטעדטלעך
אין אונזערע קאַנטען, זיינען גאָר ניטאָ אין דעם גרויסען אָדעס,
אונ דער פאַר אליין איז שווער אונזערע קאַסרילאָווקער אונ
קאַבצאַנסקער יודען צו וואהנען אין די גרויסע שטעדט...

נאָר באַלד ווי איך האָב געזעהען, אַז פון מיין ווע׳לען וועט נאָר נישט אַרויס קומען, האָב איך געטאָן, וואָס יעדער יוד טוט בשעת הדחק — איך האָב אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנד אויף אַלע מיינע וועהטאָגען און האָב זיי גאָר אין גאַנצען מבטל געוועזען. נאָך מעריב־דאַוונען בין איך אַרויס געגאַנגען פון מיין אַכסניא און גענומען געהן וועגען געשעפטס־זאַכען, זעהען זיך מיט סוחרים און בעקאַנטע.

פלוצים האָט אָנגעיאָגט אַן אונגעוועהנליכער צפון־ווינד און האָט אָנגעטריבען אַ פינסטערע חמאַרע, און די מענשען האָבען גענומען לויפען, איילענדיג אַהין און אַהער. אין אונזערע צייטען איז דער קלימאַט בכלל אין גאַנצען פערענדערט געוואָרען, ווילד און משגע איז דער ווינד, אַזוי ווי דער קורס פון אַקציעס, וואָס דאָ שטייגט ער און דאָ פאַלט ער אַלע מאָל אין די בירזעס, און אַזוי ווי אונזער גאַנצער דור, וואָס בייט זיך נאָר און דרעהט זיך אַהין און אַהער. נאָר אין סוף זומער איז געוואָרען אַ פערענדערונג אין דער לופט — וואָלקענס און קעלט און רעגען. פינסטער איז געוואָרען די זון, אַוועק איז איהר שיין און איהר שיינקייט, די גאַנצע וועלט איז וויסט און עפּעס אַ פינסטערע אימה פאַלט אַן אויף איהר. שדים טאַנצען אין די גערטנער און מאַכען אַ תל פון דעם רעשט, וואָס איז נאָך געבליבען; ווי אין אָנשיקעניש פון גאָט קומען די חזירים און רייסען אוים מיט זייערע ציינער אַלע גראָזען ביז׳ן וואָרצעל און פערניכטען דעם מענשענ׳ס פראַצע. די בוימער האָבען אוים געטאָן זייער פריהלינגס־ציהרונג און שטעהן אָרים, נאַקיט, ווי מלמדים, אָהן בלעטער. זיי אַלע שאָקלען זיך און ציטערען, זיפצען און פאַטשען מיט די צווייגען אויף זייער אָפּגעקראַכענעם קאָפּ, און מען דערקענט ניט, אַז זיי האָבען אַ מאָל געבליהט און עם איז אויף זיי געוואַקסען פרות צום מענשענס פערגעניגען. די חיה זוכט זיך אַ נאָרע אין דער ערד, די פליעג — אין אַ שפאַלט ערגיץ אין וואַנד. אַ סך מענשען פאַרלאָזען זייערע וואָהנונגען און וואַנדערען אַוועק אין ווייטע לענדער. טרויריג איז די ערד און אַן אומעט ליגט אויף

אַלע באַשעפֿעניסען; אַלע זיינען טרויריג און ציטערען. באַלד קומט דער ווינטער, דער אָדון הגדול, און מאַכט אַ תל פֿון דער ערד... און אָט זיינען אַריבער די ימים טובים און דער ווינטער איז געקומען; אָבער אָהן רעש אָהן געטומעל: ער איז ניט קיין שטאַרק-שלעכטער, אַ בעל רחמנות איז ער, בעט איבער די ערד און די מענשען, וואָס אויף איהר, מיט אַ שמייכלענדיגען פּנים, דאָס האַרץ ווערט רוהיג און פֿיהלט אַ משונה׳דיגען טעם פֿון אַ קוכען געפּרעגעלט אין האָניג און עסיג צוזאַמען... די פֿליעג קריכט אַרויס, און דרעהט זיך ווי אַ שכור טאַנצט אַ „קאָזאַק" אויף עפּעס אַ פֿענסטער... מיקען געהן אַרויס פֿון זייערע נאָרעס מחנות-וויז, מאַכען זיך לוסטיג, פֿרעהליך, זשווישען און מאַכען זיך אַ יום טוב אין די גאַסען. און עפּעס אַ בוים האָט צום מזל אָנגעהויבען בליהען, און ס׳האָבען זיך אויף איהם געוויזען קנאָספּען. און דער מענש נאַרט זיך אַליין אָב, ווי זיין שטייגער איז, און רעכענט, אַז נסים טרעפֿען זיך אויף דער וועלט און האָפֿט, אַז וועט נאָך זיין גוט; — און קבצנים פֿרעהען זיך. מען קען האָפֿען אַז ס׳זאָל זיין וואַרים און די זון זאָל שיינען, אַז גאָט וועט הייסען. און פּלוצים, אָך און וועה, קומט אָן דער ווינטער מיט אַלע זיינע שרעקעניסען, ער געהט און שטורעמט, אין כעס איז ער און שרייעט, ער לאָזט בלאָזען דעם ווינד און הייסט געהן דעם רעגען און דעם שניי, און פֿינסטער און בלאָטיג ווערט די ערד.

דער ווינד שטורעמט און שטעכט מיר ווי מיט נאָדלען אין פֿלייש; איך בייג אָן דעם קאָפּ און האַלט צו די קאַפּאָטע, כדי דער ווינד זאָל מיר ניט פּאַטשען אין פּנים, און איינגעבויגען געה איך מיר איינער אַליין ביי נאַכט צו שלמה ישראל׳ס, מיינער אַן אַלטער בעקאַנטער.

אַ-דער מענש, שלמה האָט געוואָהנט אין קאַסרילאָווקע, און די קאַסרילאָווקער פֿלעגען אים שפּייזען בכבוד. ניט זיי פֿלעגען איך איהם אויסגעבען געלד — חס ושלום! אפילו קיין איין פּרוטה

האָבען זיי אויף איהם ניט אויסגעגעבען, וואָרים די פּרוטה איז דעם קאַסרילאָווקער טייער ווי די נשמה, אונ ער לאָזט זי ניט געהן לאבוד מיט זיין גוטען ווילען, — סיידען מען נויט איהם אונ מען רייסט איהם אוים די פּאות. דאָס ערסטע איז ביי איהם די פּרוטה, זי מאַכט איהם גרוים אונ דערהייבט איהם, נור דורך איהר קען ער ווערען אַזוי ווי אַ פוקס אונ אַזוי ווי אַ לייב אין זיין שטעדטעל, זיין אַ עז־פּנים, פערנעהמען אַלערליי גבאות אונ זיך מישען אומעטום. נאָר וואָס דען? שלמה איז געוועזען אַ שרייבער, אונ די קאַסרילאָווקער האָבען איהם געדיענט אַלס שטאָף צום שרייבען, ד. ה. ער פלעגט זיך אין זיי גוט איינקוקען אונ אַכטונג געבען אויף זייערע מעשים, אַזוי ווי די נאַטורפאָרשער, וואָס קוקען זיך צו צו זובעשעפעניסען אונ ריידען וועגען בהמות אונ פליעגען אונ אַלערליי ברואים. אונ וויל ער האָט זיך גוט צוגעקוקט צו די קאַסרילאָווקער אונ האָט געוואוסט אַלעס, וואָס ביי זיי טוט זיך, זייער שטיינער, זייער זיטצען אונ זייער אויפשטעהן אונ אַלע רגילות'ן פון די דאָזיגע בעשעפעניסען, פלעגט ער זיי אויסמאָהל'ען מיט אַ שרייב־פעדער, ווי זיי זיינען, אונ פלעגט פון זיי דערצעהלען וואונדערליבע זאַכען, וואָס דערפרעהערען דאָס הארץ אונ דער־לייכטען די אויגען... אונ זיינע חבורים פלעגען געלייענט ווערען אין יודישע שטעדטלעך, אונ ער פלעגט דערפון האָבען זיין אויסקומעניש...

אין פלוג דאַכט זיך האָבען די קאַסרילאָווקער גאָר ניט געקענט האָבען צו איהם: ער האָט הנאה אונ זיי פאַרליערען נאָר נישט, פון דעסטוועגען זיינען די קאַסרילאָווקער מיט דעם צופריעדען ניט געוועזען. פאַר וואָס? ווייסען מיר ביז היינט נאָך ניט, נאָר צוריק ריידענדיג איז איהם אַליין שוין אויך גמאָס געוואָרען צו האָבען בסדר צו טאָהן מיט די קאַסרילאָווקער, וואָרים אפילו האָניג אַז מען עסט צו פיעל, מייקענט מען אויך אוים; אונ שנית, יעדער זאַך האָט אַנ'עק, וועט ער דען אייביג האָבען שטאָף אויף זיינע מעשיות פון כאַסרילאָווקער לעבען?

און שלמה האט געזעהן, אז זיין קוואל איז פער׳עפושט און פערשטינקען געווארען און פערכּפערט אלערליי בעשעפעניסען, וואס ס׳איז ניט ווערט צו האבען מיט זיי וואס צו טאהן, און געהערט האט ער, אז עפעס נייע בעשעפעניסען זיינען צו אונז אנגעקומען, אין תוך אריין אויף קאסרילאווקער, נאר זיי זענען קלוג, האבען אלערליי געשטאלטען און א מויל וואס רעדט ברייט און הויך, און זייערע מעשים זענען עפעס מאדנע, אלע ווילען זיי קענען און וויסען וואס זיי זענען עפעס אזוינס, נאר קיינער האט זיי נאך גוט ניט אויס געמאהלט, און זענען נאך אויף פרישע ערד און ווארטען אויף שרייבערס; — דערפאר האט שלמה מפקיר געוועזען זיינע קאסרילאווקער און איז ארויס ריין פון קאסרילאווקע. צו האבען די קלוגע האבען זיך מיט אים געפרעהט און ער מיט זיי, וויפיעל ער האט זיך ביי זיי געזאמט און וואס ער האט פון זיין ארבעט, וואס ער האט געארבעט מיט זיין פעדער, געהאט? — דאס אלץ וויים איך ניט. ס׳קען זיין, אז זיי זענען איהם אויף לסוף נמאס געווארען, און ס׳וואלט איהם ליעבער געוועזען צו אבשינדען נבלות אין מארק אידער אזוינע בריות... איך וויים נאר, אז ער איז איצט אין אדעס, לערענט ארימע קינדער תורה אין זיין אייגענער שוהלע, און וואהנט דארט.

אז איך האב גוט זיך אנגעמאטערט צו זוכען און טאפען אין דער פינסטער, בין איך מיט גאטס הילף אריין געגאנגען אין שטוב מיט גרוים פארזיכטיגקייט. ס׳פארשטעהט זיך אליין, אז אריין געגאנגען בין איך דורך דער קיך, אזוי ווי ס׳פאסט פאר א יודען, וואס וויים דרך ארץ... א יוד, ווי זיין שטייגער איז, קומט אריין שטיל, איינגעבויגען און מען הערט איהם גאר ניט, עפעס אזוי ווי פון דער ערד וואקסט ער אוים פאר׳ן בעל־הבית. ווי א בער, וואס לוזט צו זיין „פערצוקונג", דערטאפט ער איהם פלוצים, כּדי ער זאל זיך פון איהם ניט קענען פערבארגען. דאס איז א יודישער מנהג, א זכר צו ארימקייט אין גלות פון לאנגע צייטען... אז ארימע לייט און בעטלערס האבען ביי יודען זיך נעמערהט, און

נעהמערס זענען געוואָרען מעהר ווי געבערס, האָבען די בעטלערס זיך אויסגעלערענט אלערליי קונצען און מיטלען פון יעגער און קומען שטילערהייט און אונגעוואַרט, כדי דער בעל־הבית זאָל ניט קענען זיך בעהאַלטען. און דער דאָזיגער — מין אריינגאַנג, ווייל ס'איז אַ ירושה פון די אָבות, האַלט ער זיך ביי אונז עד היום...

איך שטעה שווייגענדיג אַ ווײַלע אין פאָרהויז, טאַפּ די קאַפּאָטע און די פאות, נעהם אַראָפּ די היטעל פונ'ם קאָפּ און גלייך אוים די יאַרמעלקע, ווי ס'געהר צו זיין, און קוק דער ווייל אַריין אין צימער, וואָס מיר ענטקעגען. אַרום אַ לאַנגען טיש, וואָס איז באַדעקט מיט אַ ווייסען טישטעך, זיצען עטליכע פאַרשוין, אַנ'אַלטער יוד זיצט אויבען אָן, דריי מאַנכבילען פון זיין לינקע האַנד, אַ שעהנע יודינע און בתולות פון זיין רעכטער האַנד. אויף אַ ביינקעל נעבען טיש שטעהט אַ זודיגער סאַמאָוואַר, און אַ פּאַרע, פון אַנ'אַש קאָליער, הויבט זיך פון איהם אַרויף, ווערט דויט ווי אַ ריינער נעבעל פון דיזר ליכט פונ'ם לאָמפּ, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ פון ד'ער סטעליע. ליכטיג און וואַרים און מחיה'דיג איז אין צימער. מען טרינקט טהעע און מען רעדט היימליך.

אז איך האָב זיך צורעכט געמאַכט אין פאָר־הויז, בין איך אַריין אין צימער און געבליעבען שטעהן שווייגענדיג אויף דער שוועל.

— ווער איז דאָרט, ווער איז דאָרט? — האָט גערופען דער אַלטער און האָט זיך ניט גערירט פון זיין אָרט.

— קיינער ניט.. אַ יוד... אַ גוטען אָווענד! — האָב איך שטיל געענטפערט און בין געשטאַנען ווייטער אויף דעם שוועל.

— וואָס רעדט איהר דאָרט? — האָט דער אַלטער פאַר־וואונדערט געפרעגט און איז צו געגאַנגען צו מיר.

— וואָס ער רעדט?... גאָר ניט... אַ גוטען אָווענד, זאָג איך.

— אַ גוטען אָווענד — דאָס איז זעהר שעהן, נאָר איך בעט אייך, רב' יוד, וואָס ווילט איהר?

— וואָס וויל איך? איך וויל גאָר נישט, גלאַט אַזוי זיך... איך בין גראָד געקומען אהער, טראַכט איך מיר, ס'איז כדאי אריינגעהן זעהן אַנ'אַלטען בעקאַנטען. וואָס מאַכט איהר, רבי שלמה? אַ סך יאָהרען האָבען מיר זיך ניט געזעהן, שוין ביידע אַלט געוואָרען. איהר זענט גרוי געוואָרען, אָבער איהר האָט זיך קיין סך ניט איבערגעביטען. באַלד האָב איך אייך דערקענט אַן ברייטען שטערען אונ אַן אייער קורצזיכטיגקייט. די אייגענע פינקלענדיגע אויגען, די אייגענע ליפען, דער אייגענער ביטערער שמייכעל, די זעלביגע אַלטע התלהבות אונ דאָס זעלביגע מאַכען מיט די הענד בשעת ריידען, אַזוי ווי אין דער יוגענד. אַ יונגער־אַלטער זייט איהר, איהר זאָלט מיר מוחל זיין! אונ מיך, מיך דערקענט איהר גאָר ניט? — האָב איך געענדיגט מיט אַ פריינדליכען שמייכעל, אוים ציהענדיג זיך פאַר איהם אונ האַלטענדיג די באָרד.

— וואַרט נאָר, וואַרט נאָר אַביסעל — האָט ר' שלמה געזאָגט אונ האָט מיך בעטראַכט — אַצינד ווייס איך. רבי מענדעלי... דאָס זענט איהר, רבי מענדעלי מוכר ספרים! ברוך הבא! וואָס זענט איהר אַזוי שטיל אריין געגאַנגען, דורך דער הינטערשטער טהיר? אונ וואָס שטעהט איהר אויף דעם שוועל ווי אַנ'אָרעמאַן? פעני בפסח?.

— וואָס איז אַזוינס? מען דאַרף דען קלינגען אויף גלעקער אונ פויקען, אַז דער אונ דער געהט?! נאָר האָט ניט פאַראיבעל, װאָס איך בין אַריין געגאַנגען מיט בלאָטיגע שיך אונ האָב פאַר־שמוצט די פאָדלאָגע.

— ס'מאַכט ניט אוים, לייהם אונ בלאָטע איז ביי אונז אַ זכר צו יציאת מצרים — ענטפערט רבי שלמה, געהמט מיך אַן ביי־

דער האַנד פֿריינדליך און שטעלט מיך פֿאַר זיין הויז־געזינד, רופֿט מיר די נעמען פֿון דריי פֿערשוין און זאָגט: דאָס זיינען יודישע שרייבער, מיינע גוטע פֿריינד.

— יודישע שרייבער און גוטע פֿריינד! — פֿערוואונדער איך זיך. קעץ אין איין זאַק בייסען זיך און רייסען זיך — איז מיר דאַמאָלס געקומען אויף'ן געראַנק, און איך האָב מאָדנע פֿערקרימט די נאָז.

איך האָב זיך געזעצט צום טיש, און מען האָט פֿאַר מיר געשטעלט אַ גלאָז טהעע. די פֿערשוינען האָבען שוין ניט גערעדט אַזוי פֿרעהליך און פֿריי ווי פֿריהער, און זיינען באַלד אַנשוויגען געוואָרען. אַזאַ סאָרט שווייגען הערשט תמיד צווישען מענשען, ווען עס קומט אַריין אַ נייער פֿערשוין. אין דעם שווייגען הערט זיך אַ שטילעס בילען פֿון אַ שלעכטען הונד און בעדייטעט: חשד פֿיינדשאַפֿט, נישט צו פֿריעדענהייט, אַ ווינק און אַ בקשה: אַנטלויף, פֿעטער, צו אַל'די גוטע יאָהר און לאָז מיך צורוה!

גוט האַרצעדיג באַגעגנען איינס דאָס אַנדערע נאָר בהמות. אַ בהמה שטעהט ביי דער קאָרעטע, קומט אַנ'אַנדערע אָן, שטעקט אויך אַריין דעם קאָפּ, שטערט איהר ניט די ערסטע און ביידע עסען און זענען זאַט. און זאָל דיר אָ־די מדה פֿון דער בהמה נישט וואונדערען, וואָרום דערפֿאַר איז זי דאָך אַ בהמה, אַ גראָבע און נידעריגע בעשעפֿענים אָהן פֿערשטאַנד... ניט אַזוי זענען מענשען, זיי ווייזען אַרוים זייער שכל, וואָס גאָט האָט זיי געגעבען און בעגעגנען איינער דעם צווייטען אויף מענשען־אַרט. אַזאַ מין שווייגען איז זעהר ניט אַנגענעהם אַ נייעם פֿערשוין, דער מענש האָט דאַמאָלס ניט צו שאַפֿען אויף זיך אַליין, די בעוועגונגען פֿון זיינע הענד זענען עפּעס ווי מעכאַניש אָהן אַ פֿריהערדיגען רצון, און וואוהין זיי קעהרען זיך ניט, זעהען זיי אוים, די הענד, משגע'נער־וויז, די נאָז הענגט אַראָפּ ווי פֿערשעמט, און ווייסט ניט וואוהין צו קעהרען זיך, אין האַרצען איז אַ דריקענים און די נשמה וואַרפֿט זיך אַהין און אַהער ווי אַ פֿויגעלע אין שטייגעל...

לאַנג לעבען זאָל ר׳ שלמה, וואָס ער האָט אויף מיר רחמנות געהאַט און ריידענדיג געמאַכט די געסט. און זיי האָבען אַלע גענומען ריידען הויך אויפ׳ן קול. דאָס איז ידוע, אַז מחברים זענען גרויסע פּלוידער-זעק, ריידען מעהר ווי ווייבער. און אַז דאָס מויל עפענט זיך נאָר ביי זיי, שיטען זיך און שיטען זיך רייד, ווי פון אַ לעכערדיגען זאַק. איך האָב אויך געעפענט מיין מויל און האָב געוויזען וואָס איך קען, גערעדט אָהן אויפהער. דאָס איז זיי געפעלען געוואָרען, און מיר זענען געוואָרען באַלד, ווי עס פיהרט זיך ביי יודען, אמתע „ידידים“...

— לאָמיר זיך אומקעהרען צו אונזער שמועס — האָט זיך רבי שלמה אָנגערופען און געוואָלט ערוועקען זיינע קאָלעגען — פאַר רבי מענדעלען איז זיך ניטאָ וואָס צו שעמען — ער איז דעריין זעהר געניט, ער איז אַ בקי אין דעם דאָזיגען ענין... אדרבא זאָל ער הערען און זאָגען זיין מיינונג.

— וועגען וואָס האָמפּערט איהר זיך, רבותי, וואָס טהוט איהר דאָ אויף? האָב איך געפרעגט מיט אַ שיינענדיג-פּנים.

— וועגען וואָס האַמפּערען זיך מחברים? וועגען שרייבער און ביכער! — האָט רבי שלמה געענטווערט. זאָגט רבי מענדעלע, וואָס איז דאָס פאַר אַ מין זאַך דאָס שרייבען? דאָס איז דער תוך וועגען וואָס מיר האָבען זיך דאָ פריהער געשפּאַרט.

— און וואָס האָבען „זיי“ געזאָגט? האָב איך אָבגעגעבען כבוד די געסט, זיי זאָלען זאָגען פריהער וועגען דעם.

— דאָס איז אַ געטליכער גייסט! האָט איינער פון די מחברים אַרויסגעזאָגט און אַ צווייטער האָט איהם צו געבאַמקעט.

— און איך זאָג — האָט אַ דריטער אויפגעוויזען, אַז דאָס שרייבען איז אַ זאַך, וואָס מוז האָבען פאַרבערייטונג און קענטעניש. ווער עס האָט אַ מח און בילדונג, יענער שרייבט.

— דאָס שרייבען — האָב איך מיין מיינונג אַרויס געזאָגט און האָב אַ כונה געהאַט אַביסעל אַ קיצעל צו טהון די געסט מיט אַ וויטציעלע — דאָס שרייבען איז ניט מעהר ווי אַ שגעון, אַ מין

שלאפקייט, אַזוי ווי למשל די תאוה ביי אַ סך אידען צו שטעלען זיך פאַר'ן עמוד און אַרויס־ווייזען פאַר'ן עולם די וואונדערליכע האלו...

— רבי מענדעלע וויל אַלץ מבטל זיין! האָט רבי שלמה זיך גוטמוטהיג געבייזערט, אָוועקלעגענדיג זיין פינגער צו דער נאָז און זים שמייכלענדיג דער ביי — — —

איך מיש מיך נישט אריין אין דעם ערשטען חלק פון דער שאלה, איבער וועלכער מיינע חברים האמפערען זיך, און זאגען וואס דאס שרייבען איז אזוינס; איך וועל נאר זאגען מיין דעה אויף דעם אנדערען חלק פון דעם ענין: צוליעב וואס איז דאס שרייבען? — דעם מענשענס פערשטאנד איז דער מָקור פון אלע מחשבות, און די מחשבות ווערען ניט ענטדעקט און געענדיגט אין גאנצען, ביז וואנען מען זאגט זיי נישט ארויס. ערשט דאמאלס ציהט זיך אויף זיי ארויף פלייש און הויט און זיי בעקומען זייער געהעריגע צורה און דעריבער בעשטײַהט דעם מענשענס מעלה אין דעם וואס ער קען ריידען. און היות ווי דאס רעדען מאלט אלערליי בילדער צו די געדאנקען פונ'ם גייסט, דעריבער דארף עס האבען בעהעלפערס. און אזא מין בעהעלפער איז דאס שרייבען, אדער דאס געשפּרעך דורך שרייבען. דער שרייבער איז מעהר מקפיד אויף זיין שפראך, קלייבט צו די נייטיגע ווערטער און לעגט זיי גוט אוים, איז זיי מְצָרֵף איינס צום אנדערען מיט ישוב הדעת, און האט אַ כַּוָנה, אז דער גייסט און זיין צורה זאלען פאסען איינס צום אנדערען, אזוי ווי דער נשמה מיטן גוף ביי די בעשעפענישען. נישט מעהר און נישט ווייניגער ווי מען דארף. דער פון איז געדרינגען, אז דורך דאָס שרייבען האט זיך פערבעסערט דאס רעדען, ריינער איז די מחשבה געווארען און דער פערשטאנד איז גרעסער געווארען,



ש. י. אבראמאוויץ
(מענדעלי מוכר ספרים)

— דאס אלעס איז לא עלינו געזאגט געווארען, — האט מקטרג געווען איינער פון דער חברה, — געהט זייט בודק אונזער איצטיגע ליטעראטור, אונ איהר וועט אין איהר געפינען נאר רעדען סתם, שטראף אונ מוסר, עצות אונ פלפולים אונ סבראות, פוסטע רעד אונ גוזמאות, משונה׳דיגע שבחים אונ גרויסע זידלערייען, אלץ ווי ביי די בטלנים, וואס אין בית מדרש אונטערן אויבען, אונ דאס ווייזט אויף א לײדיג הארץ אונ א פוסטען מוח. נישט נאר וואס ער האט קיין איין לעבעדיגע פארשטעלונג אונ קיין איין נייעם געדאנק, נאר ער ווייסט אפילו נישט פון זיין חסרון, אונ דער פאר מאכט ער זיך אליין פאר א גדול, אפילו דער קלענסטער צווישען די שרייבער, האלט זיך קליגער פאר אלע אונ רעדט אלץ: איך אונ איך; אזוי אונ אזוי זאג איך, אזוי אונ אזוי האלט איך, אונ אזוי אונ אזוי עצה׳ע איך... אלע זענען זיי וואהלע, זעלטענע מוסר־זאגער, געפינען משונה׳דיגע המצאות אונ די גרעסטע בעלי עצה, מענשען מיט נעמען אונ געזעטצען געבער, יעדער קלייבט זיך אוים א בארג סיני, ער זאל לערנען דעם פאלק געזעטצען אונ משפטים, מיט גאנצע בערג רייד, וואס ריידען זיך אן אונ ענדיגען זיך מיט איך.

— אי, אי, אי! — בין איך אנגעפאלען אויפ׳ן מקטרג שטארק אויפגערעגט. אין הארצען האב איך אפילו געוואוסט, א ער איז גערעכט, פון דעסטוועגען האב איך זיך איינגע׳עקשנ׳ט אונ האב זיך אנגענומען פאר אייער הייליגען גוטען נאמען, איהר הייליג געזונדעל שרייבער.

— די שרייבערס ביי אונז, — האט מקטרג געווען נאך איינער פון דער חברה, — שרייבען אליין נישט וועגען וויסענשאפט, וועגען וועלט־זאכען, נאר זיי שרייבען עפעס קוקענדיג אויף דעם בלאחר יד, וועגען... אונ וועגען... זאגען מוסר אנדערע, דערוועקען אונ בעמערקען, אז מען וואלט זעהר געדארפט שרייבען וועגען דעם. אונ אין דעם ענין וואס זיי זענען עוסק ווילען זיי נישט וויסען וואס אנדערע האבען פריהער פאר זיי געזאגט, כדי

זיי זאלען זיך מיט דעם בענוטצען און אויפבויען אגאנצען בנין, גאר יעדער איז אדם הראשון אין זיין צייט און הייבט אן פון אנהויב, און דער אלף־בית ווערט אלע מאל אנגעהויבען. די פריהריגע געדענקט מען ביי אונז נישט, און אויך די געשעהענישין פון אונזער צייט געהען איבער ווי אחלום און ווערען פערגעסען; אסך זאכען פון אונזער צייט ווערען ביי אונז נישט פערשריבען גאר דער פאר, ווייל מיר האבען אטעות און גלויבען, אז דאס איז דעם היסטאריקער'ס געשעפט, אז ער וועט דא אלעס שפעטער אויספארשען און בעקלעהרען; נאר ביז אמאל ווערען דערווייל אסך געשעהענישען פערפאלען און פערגעסען. און אז סיוועט אויף שטעהען ביי אונז א (היסטאריקער און וועט וועלען אויפבויען א בנין פון די שטיינער — זכרונות, וועט איהם מעהר פעהלען איידער ער וועט האבען, און דער בנין וועט קיין רעכטער נישט זיין, סיידען מיר זאלען גלויבען, אז היסטאריקער זענען יודען נביאים און אין חלום זעהען זיי וואס פריהער האט זיך געשאן און בעשאפען געווען כביכול, פון גאר נישט. על כל פנים איז גענוג מען זאל זיי געבען א לעכיל פון א נאדיל?, אז זיי זאלען דעם עלפאנט אריינצוציטלעווען אין לעכיל אליין שוין בעשאפען. נאר ווער וויסט צו אזוינע וועלען זיין אין די קומענדיגע דורות?.

און דער היסטאריקער, וואס וועט שפעטער אויפשטעהען, און וועט שרייבען מיט הארץ און מיט מענשליכען שכל, וועט בעשולדיגען די יודישע שרייבער פון אונזער צייט און וועט זיי מאכען צו שאנד, דער פאר וואס דאס לעבען פון פאלק האט זיי נינט געדיענט פאר א מאטעריאל צום שרייבען און האבען נים אנגעגרייט גענוג מאטעריאל פאר די, וואס וועלען נאך זיי קומען, און האבען זיך נאריש געמאכט מיט מעשות און זאכען, וואס זענען גאר קיינמאל נים געווען אחוץ נאר אין זייער מוח. און נאך מעהר וועלען בעשולדיגט ווערען די שרייבער — האט ער ווייטער געזאגט, ווינקענדיג מיט די אויגען און ווייזענדיג מיטן פינגער אויף רבי שלמין — די פון אונזערע שרייבערס, וואס קענען גוט

דאס פאלק און ווייסען ווי ס׳פיהרען זיך אויף די קליינע מיט גרויסע צוזאמען און האבען זיך געפּוילט אנצושרייבען דאס אמת ווי עס איז.

— רבותי, רבי מענדעלי האט מורא טאמיר וועט איהר פֿערברענען מיט אייערע פֿייערדיגע רעד! — האט געזאגט רבי שלמה מיט אַ שמייכעלדיגען פנים, זעהענדיג ווי איך בין צומישט און מיין גאנצע צורה איז פערענדערט פון פערוואונדערונג און צומישונג — נישקשה רבי מענדעלי! מחברים, ווען זיי זיטצען און שמועסען, ברענט אַ פֿייער ארום זיי, נאר עס פֿארברענט חלילה ניט, דאס ווערט אין זיי דאס בלוט, און אלע רעד פון תלמידי חכמים, אפילו ביי פראסט רעדען, זענען אזוי ווי פייערדיגע קויהלען. איך קען אייך, מיינע חברים, אז איהר זענט אין הארצען נישט אזוי שטרענג, ווי איהר רעדט מיטן מויל, און נישט אלע שרייבער, חס ושלום, האט איהר געמיינט, נאר עטליכע פון זיי. נאר אויב היינט זענט איהר שטרענגער ווי תמיד, ווייס איך פון וואנעט דאס קומט: ס׳איז היינט א צייט פון געוויטער אויף דרויסען, דערפאר זענט איהר אויך מעהר אויפגערעגט, א ראיה האב איך פון זיך, איך בין אויך דערשלאגען פון דעם רעש און די שרעקען, איך בין אויך היינט צוהודערט און אויפגערעגט. ס׳איז איצט נישט קיין עת רצון, ברידער! דאס ווייס איך אויך, אז צווישען די וואס וועלען פעראנטווארטליך זיין, ווי אונזער חבר האט געזאגט, דערפאר וואס זיי האבען זיך געפּוילט בעשרייבען דאס לעבען אין זייער צייט, מיינט מען מיך אויך, נאר אויף מיר קאן מען מלמד זכות זיין דאס, וואס מיך האט געטראפען אזוי ווי מחמד׳ס ארון, וואס הייננט אין דער לופט, ווייל צוויי מאגנעטען ציהען איהם — איינער אהער און איינער אהין, און דערפאר...

רבי שלמה האט מפסיק געווען אין מיטען די רייד, איבער א קאלטען שטראם ווינד, וואס האט פלוצלונג אריינגעבלאזען אין חדר אריין און גענומען לעשען דעם לאמפ, און א קול פון

ווערטער און געטימעל האט זיך געהערט פון הויז. רבי שלמה׳ס ווייב און טעכטער האבען געפּיהלט, באלד נאכ׳ן טעה טרונקען, אז זיי זענען איבריג אין דער חברה מאנזבילען, וואס רעדען דברי תורה, און זענען אויפגעשטאנען און זענען ארויס פונם חדר. די ווייבער פון תלמידי חכמים האבען אודאי א חלק לעולם הבא, ווייל דא, אויף דער וועלט, האבען זיי גאר נישט ביי זייערע מענער, אסך זאכען וואס ס׳היט אב א נאר טהוט נישט דער תלמיד חכם: א נאר רעדט א סך מיט זיין ווייב, אכל וחומר מיט א באקאנטענם ווייב, און אתלמיד חכם אפילו מיט זיין אייגען ווייב רעדט אויך נישט. א נאר אז ער שפּאַציערט מיטן ווייב געהט ער נעבען איהר טריט ביי טריט און געהט אריין און ארויס נאך איהר, און א תלמיד חכם לויפט מיט גרויסע טריט פאר זיין ווייב און געהט אריין און ארויס פאר איהר, א נאר טהוט אן דעם ווייב איהר מאנטיל און באדיענט זי, און א תלמיד חכם — בעדיענט דאס ווייב איהם. א נאר אז ער פארבעט געסט צו זיך כדי שפילען אין קארטען שפילט דאס ווייב אויך מיט זיי אגאנצע נאכט, און אתלמיד וחכם איז ס׳קומען צו איהם חברים גיסט דאס ווייב זיי אן טעה און באדיענט זיי, און אז זי ענדיגט איהר ארבייט האט זי שוין נישט וואס צו טהון צווישען זיי. און אזוי איז געווען מיט רבי שלמה׳ס ווייב און טעכטער. מיר האבען עוסק געווען אין אונזערס, און אז מיר האבען זיך פארשמועסט האבען מיר ניט אכטונג געגעבען ווען זיי זענען געזעסען, ווען זיי זענען אויפגעשטאנען און ווען די זענען ארויס געגאנגען, ביז וואנענ׳ ס׳האט זיך דערהערט זייער קול און דער שטראם ווינד האט אריינגעבלאזען מיט כעס און דאס סקרייפען פון די טהירען אין דער צימער — און מיר האבען זיך אויפגעהאַפּט ווי פון שלאף. נאך א ווײלע איז אריינגעקומען איינע פון די מיידליך און האט שטיל געזאגט דעם פאטער:

— טאטע, עפּעס אבחור איז געקומען ... נעכטיגען אין שוהלע, וויל ער.

— וואס. א נאס בחור, און נעכטיגען וויל ער! האט רבי

שלמה אויסגערופען פערוואונדערט אונ צוערענדיג — דא איז עפעס נישט גלאט. וויפיעל גנבות ווערען אבגעמאכט דורך אזוינע שפיצליך — זאל ער אריין קומען ?

אנ'ארימער בחור, א דערשלאגענער, פון איאהר זיעבצעהן, האט זיך געוויזען אויפן שוועל, אנגעטהון אין א געלאטעטען מאנטיל, וואס איז נאס געוועזן פון רעגען. ער איז געשטאנען אראב געלאזט די קאפ ?

— פון וואנענד קומט מען עס, בחור, אונ וואס דארפסט דו דא אין האלבע נאכט ?.

— אנ'ארט צו נעכטיגען — האט שטיל געמורמעלט דער בחור — איך בין א פרעמדער.

— וואס, מיין שולע איז א קרעטשמע ? — האט חוזק געמאכט רבי שלמה — פון וואנענט ווייסט דו דאס ? איך ווייס די שטיקליך, געה געזונדטערהייט !

אזוי ווי דער בחור איז אריינגעקומען שטיל אזוי איז ער שטיל ארויס, דערשלאגען אונ גאר נישט זאגענדיג. נאר א קוק געטאן האט ער אויף אונז — אונ גאטעניו ! וויפיעל מגלות פון צרות אונ יסורים, פון טרויער אונ וועהטיג, פון תחנונים אונ געבעט האט מען געקענט לייענען אין דעם קוק !..

ווי דער בחור איז ארויס איז רבי שלמה'ס געזיכט בלייך געווארען, אונ ער איז געבליבען זיטצען פערזארגט, אונ שווייגענדיג, זיין געזיכט איז אזוי פערענדערט געווארען, אז איך האב גאר ניט דערקענט דעם פריהעריגען רבי שלמה: פאר מיר איז געווען א צובראכענער זקן, דאס געזיכט צוקנייטשט פון אלטקייט אויך מיר זענען עפעס טרויריג געווארען, איינער האט געגעניצט א צווייטער היסט אונ רעדט רעדען קיינער נישט, אין גאס ברומט דער ווינד, קלאפט אויף די פענסטער אונ בלאזט דורך די שפאלטען, בלאזט אונ קלאגט אין די קוימענעס אונ וויל אריין אין שטוב. מיר

זענען אויפגעשטאנען און זענען ארוים פערדראסענע און זענען זיך צוגאנגען.

---

אויף מארגען האבען מיר זיך ווייטער אויף דער נאכט צונויפגענומען צו רבי שלמה'ן אין שטוב, און מיר האבען זיך דערוואוסט, אז די קאפ טהוט איהם וועה און ער איז א גאנצע טאג פון דער שטוב ניט ארויסגעגאנגען. פון דעסטוועגען איז ארייגעגאנגען צו איהם זיין ווייב, זאגען איהם, אז מיר זענען דא, און באלד האט ער אונז געביטען צו זיך אין חדר. דער חדר איז נישט זעהר קיין גערוימער, נאר דערפאר איז אין איהם אנגענעהם, אין אלע ווינקעליך איז ריין און פון די װענד, פון מעבעל, פון די ספרים שראנקען דערקענט מען, אז אין דעם חדר וואהנט כסדר א תלמיד חכם, רבי שלמה איז געזעסען אנגעלעהנט ביים שרייב־טיש פערטיפטט אין גדאנקען מיט פארמאכטע אויגען, נעבען איהם איז געלעגען בעשריבען פאפיער, וואס איז אין אסך ערטער געוועז געמעקט, און א פעדער, וואס איז נאך געוועז פייכט פון טינט. אז מיר זענען אריין געקומען האט ער לכתחלה ניט געהערט, דער נאך האט ער זיך אויפגעכאפט און האט אונז פריינדליך צוגענומען – דערווייל האבען מיר מקיים געוועז די מצוה פון בקור חולים, ווי דער יודישער מנהג איז, ביי יודען פיהרט זיך, אז מען קומט מבקר חולה זיין עמעצען מאכט מען גוט הארציג חוזק פון איהם און פון זיין קריינק, וואס ווי זיי זאגען, איז זי מעהר נישט ווי א דמיון, כדי ס'זאל דעם חולה גרינגער ווערען, און מען זאגט איהם מוסר, יעדער נאך זיין שטייגער נאך. דער זאגט: א קלוגער יוד ווי איהר וואס טהוט איהר אז א נארישקייט און לעגט זיך און ווערט קראנק, סטייטש! און דער זאגט: פערגעסט אין אלע וועהטיגען, דאס פאסט גאר נישט פאר אייך, דערמאהנט זיך אין אייערע דערוואכסענע מיידליך און סטארעט זיך איהר זאלט קענען

שאנצען, אי"ה אין גיכען אויף זייער חתונה. דערצו ברייננט ער איהם ראיות פון זיך אליין, פון זיין געדערעם קריינק, פון דעם וועהטיג אין פאטילצע און פון זיינע מיידען, וואס זיי דערקוטשען איהם אפילו, אונ פון דעסטוועגען... גאר נישט, ער לעבט, ברוך השם! — אין דער צייט ווען מיינע חברים האבען זיך צושפרייט מיט אזוינע דבורים, אונ יעדער האט דערוויל פארגעלעגט זיינע רפואות, וואס ער ווייסט שוין גוט אין זיי, אז ער איז פאר זיי אזש ערב, האב איך נאר ליעבליך געשמייכעלט אונ געזאגט בקצור: אי, רבי שלמה! כדי צו מקיים זיין א יודישען מנהג אונ יוצא ידי חובתי זיין. אין אזוינע זאכען, אין אלערליי מיני טרייסטען, ווינשען אונ דעסגלייכען, בין איך א אויסגעצייכענטער גראבער יונג.

רבי שלמה האט זיך אויפגעהויבען פון ארט, געגאנגען אונ האט ארויס גענומען פון א פושקעלע אקליין פעקעלע, האט זי אויפגעבינדען אונ אווקגעלעגט פאר אונז מיט אזוינע דבורים:

— קוקט, רבותי, זעהט וואס ליעגט פאר אייך.

— קנעפליך זעהען מיר, — האבען מיר אלע מיט איינמאל געזאגט — ווייסע ביינערנע קנעפליך אונ מאי קא משמע לן?

— דאס זענען די קנעפ פון איינציגען מאנטעל, וואס איך האב געהאט אויף מיין לייב, ווען איך האב אוועקגעוואגעלט אין מיין יוגענד פון מיין היים אין דער ליטא, צוריק מיט א פערציג יאהר — האט רבי שלמה געזאגט שאקלענדיג מיטן קאפ.

— אבער וואס קעהרען זיך אן די קנעפ מיט אייער ניט געזונד זיין, אונ וואס האט איהר זיך עפעס גראד איצט דערמאהנט אין זיי? — איז אונז געווען אגרויסע קשיא.

— אוי, ס'איז שייך אונ זיי קעהרען זיך זעהר אן, אונ הלואי וואלט איך זיי נעכטען ניט געווען פערגעסען, — האט רבי שלמה ביטער געזיפצט אונ האט זיך צוריק געזעצט אויף זיין ביינקיל, ער האט פארמאכט די אויגען אונ געשוויגען.

פערזונקען אין געדאנקען, דער נאך האָט ער אבגעשטעלט זיין בליק אויף אונז אונ האט אנגעהויבען:

— איך בין זיך מתודה פאר אייך, רבותי, אז איבער מיין היציגען מזג בין איך נעכטען נכשל געווארען אין אַנ'האַרבע עברה אונ האב ארויסגעטריבען א ארים יונגעל, א פערלאזטען אונ פערוואגעלטען, א נאקעטען אונ אַ הונגעריגען, וואס האט בײ מיר געבעטען זיך איבערנעכטיגען, בײ מיר אין שוהלע, אין א אזא פינסטערער, רעגען שנעענדיגער נאכט. ניין רבותי, ער האט ניט געהאט דערבײ קיין שום ערמזה'לע, ער איז באמת א נר אונ אַ פערוואגעלטער, אונ נאך מעהר — ער איז פון די ישיבה־בחורים פון דער ליטא. דאס אלעס איז מיר קלאהר געווארען באלד אז ער איז ארויסגעגאנגען — פון זיין שטעהען, זיין קליידונג אונ פון זיין בקשה גופא. מיט אזא מין בקשה וועט נישט קומען א היגער אונ ס'וועט איהם דאס גאר נישט איינפאלען, נאר דוקא א וואנדערער פון ערגיץ א ווינקעלאין דער ליטא, וואס די בתי מדרשים אונ ישיבות זענען דארט פאר אכסניות פאר די אורימע בחורים, אונ איך אליין האב דאס אויסגעפרווט נישט איינמאל אין מיינע יונגע יאהרען. נעכטען בײ נאכט האב איך נישט געקענט שלאפען אונ האב געליטען יסורים פון גיהנם, ווייל דאָס האַרץ האט מיך געשטראפט אונ שרעקליכע געשטאלטען האבען זיך מיר פארגעשטעלט. דאס געשטאלט פון א דער דערשלאגענעם בחור אונ מיין געשטאלט, ווען איך בין נאך געוועזן א יונגעל געקליידט ווי ער, האבין פאר מיר געשוועבט די גאנצע נעכטיגע נאכט אונ האבען מיך שרעקליך געפייניגט. א ציטערדיגער איז פאר מיר געשטאנען דער אומגליקליכער בחור, א שוויגענריגער, נאר די אויגען זיינע האבין דערצעהלט זיינע צרות, זיין שענער פנים האבין חאט אוים געדרוקט זיין אינוועניגסטע געבעט: האב רחמנות אויף א געפייניגטען אונ א הונגריגען, נעהם אריין דעם נאקיטען אונ זאל ער מיט דיר נעכטיגען ערגוץ אין א ווינקעלע — שטעהען. — שטעהט ער

מיט א צובראכען הארץ און ווארט אויף הילף — אנשטאָט הילף שרייעט מען גאר אָן אויף איהם און מען טרייבט איהם ארויס. שטיל און פערשימט געהט ער ארויס און בייגט די פלייצע, ווי אַ שוואכער בייגט אין דעם קערפּער אז דער שטארקער זאל איהם שלאגען. ווי דער איז ארויס איז יענער געקומען, מיין געשטאלט, און דערמאהנט מיר: דערקען נאר, רבי שלמה, אז דו האסט דיך אויך געוואגעלט פון דער ישיבה אין דיין יוגענד און אזוי ביסטו אויך געקומען אזוי ווי א פערוואגעלט פויגעלע אין איינע פון די שטעדטליך וואס אין דעם קאנט, אנגעטהון א צעריסענעם מאנטיל מיט ווייסע ביינער.ע קנעפּ, און האסט זיך געבעטען מען זאל דיר אין בית מדרש לאזען אנידער לעגען די קאפּ. און וואס פאר א פאדלעץ ביזטו היינט, ווען ביסט גרויס געווארען און האסט דאס אלעס פערגעסען, ווען דיר, איז איצט, מיט אייבערשטענס הילף, גוט, האסטו דערוויטערט אגר און אַ דערשלאגענעם, וואס ביסט אמאל אליין געווען אין אזא שטאנד ווי ער. אויב אריינעמען איהם צו זיך האסטו אפשר נישט געקענט, פאר וואס האסטו איהם נישט געגעבען געלד ער זאל קענען געהן איבער נעכטיגען אין איין אכסניה, על כל פנים וואלסטו איהם געדארפט זאגען אפּאר טרייסט ווערטער, און דו, נישט נאר וואס האסט איהם אוועק געלאזט מיט גאר נישט, נאר האסט איהם נאך מיט שאנד ארויסגעטריבען. — לא עליכם, ברידער, אזא וועהטיג, וואס איך האב נעכטען און היינט געליטען איבער דעם וואס איך בין אין אזא זינד געשטרויכעלט געווארען.

— פון דעסטוועגען זאלט איהר זיך נישט קיין סך מצער זיין — האב איך געטרייסט רבי שלמה'ן — אזוינע מעשיות טרעפען זיך אלע טאג און קיינער טראכט גאר נישט וועגען דעם, געהט און זעהט די אלע גרויסע סוחרים, בעוואוסטע באנקירען, גבירים מופלגים ביי אונז, וואס פייניגען די משרתים זייערע און ארבייטען מיט זיי עבודת פרך, — ווער זענען זיי אליין געווען?

במעט אלע זענען פריהר געווען משרתים און זענען גרויס געווארען, יונגערהייט האבען זיי געדיענט אין קלייטען און אבטניות און פלעגען הונדערט מאל א טאג הערען זידלערייען. אזוי איז אויף דער וועלט פון זינד זי איז בעשאפען געווארען, יעדער פערגעסט עפעס: דער וואס האלט דעם קאנטשיק פאטשט און פארגעסט אז מיט דעם אייגענעם קאנטשיק איז ער אליין געשמיסען געווארען געבטען. אברייטער בויך, עזות און געלד פערטרייבען דעם זכרון, און אויפן פעקעל שרצים וואס היינגטביים גביר פון אונטען, פערדעקט דאס געלד, און אז א מויז ליעגט אויף די גילדענס — בוק זיך צו איהם.

— דיינע טרייסט־ווערטער זענען מיר נאך קארג — האט געענטפערט רבי שלמה — דאס שלעכטס הערט נישט אויף זיין שלעכטס דערפאר ווייל ס'איז שטענדיג דא. גרינגער מאכען די זינד מיט וואס זי איז זעהר געוואָהנליך איז אזוי ווי מיר זאלען זאגען, אז נישט הערען, נישט רעדען און נישט זעהען איז קיין חסרון נישט, ווייל אויף דער וועלט איז דא אסך טויבע, שטומע און בלינדע. און אויב ס'איז אזוי, מוזטו דאך זאגען אז דער יצר־טוב מיט זיין גוטקייט און דער יצר־הרע מיט זיין שלעכטקייט פליהען ביידע ארום אין דער לופט און האבען קיין גרונד נישט — ניין, רבי מענדעלי, טרייסט מיך נישט אומזוסט, איך וויים און פיהל אז איך האב געזינדעגט.

— אט די מעשה איז אייך א שטראף פון גאט ווייל איהר פוילט זיך שרייבען אייער לעבענס־ערצעהלונג — האט געזאגט איינער פון דער חברה — וויפיעל מאל האבען מיר אייך דערמאהנט און איהר האט אונז אליין נישט געפאלגט.

— א דעם בחור האט איהם גאט אליין געשיקט, ער זאל אייך דערמאהנען די פערגאנגענהייט — האט א צווייטער אונטער־געהאָלפען דעם ערשטען — און איצט האט איהר זיך שוין בעל ברחך דערמאהנט אין די אלטע קנעפ. יהי רצון, אז איהר זאלט זיך דערמאהנען אין גאנצען לעבען פון אונזער פאלק אין יענער צייט כדי עס זאל נישט פערגעסען ווערען.

— ווער האט דאס אייך אויסגעזאגט דעם סוד פון מיין הארצען ? — האט רבי שלמה אויסגערופען מיט א פלאמידיגען געזיכט — ביי נאכט אויף מיין געלעגער, אז איך בין געלעגען מיט אפענע אויגען אונ געשטאלטען האבען מיך געשראקען ווען שטיל איז געווען אין שטוב אונ א שטורם־ווינד אין דרויסען, איז מיר געקומען א געדאנק, אדער אונ פאעט אונ אגדות — זאגער אין הארצען, אונ האט געדרשינט דיא מעשה מיטן בחור, אז דאס איז רמז פון אויבען. אונ פון יענער שעה אן הערט ער נישט אויף די אונטערשטופען אך אונ זאגט : שרייב ! צייטען איז פערהאן אין מענשענס לעבען, וועלכע נייטען אפילו דעם עקשן, וואס האלט נישט פון השגחה, ער זאל גלייבען אין א אונבעוואוסטען בערהאלטענעם כח, וואס אלסדינג ווערט דורך איהם אבגעמאכט אונ אלסדינג קומט אין זיין צייט אונ אזוינע אומשטאנדען, וועלכע יענער כח האט אויסגעקליבען, ס'ווייזט אויס, אז אזא מזל האב איך אונ אזוי איז שוין אויף מיר נגזר געווארען, אז מיין וועג אויף דער וועלט אונ אלסדינג וואס טרעפט מיך, זאל זיין אין שטורם אונ ציטערניש. א ברויזענדער ים איז מיין לעבען, מיינע טעג אונ יאהרען זענען ברומענדיגע חוואליעס אונ מיין נשמה איז תמיד א געווארפענע שיף, מיין ערשטע זעלבסט־ערקענען איז מיר אויך געקומען אין שטורם. — ס'איז פריהלינג געווען דאמאלס, פלוצלונג איז טונקעל געווארען אונ אויף א שטעסקע אין גארטען, צווישען פרישע גראזען לויפט א יונגעל א נאקעטער אונ א בארוועסער, נאר א לייקענדענע העמדעל געהט ער אויפין לייב אונ די היטעל אויפ'ן קאפ. אמאל לויפט ער אונ אמאל שטעלט ער זיך, זיין בליק בלאדזעט ארום אונ זיינע אויערען הערען זיך אמין אונ זיענען אויפגעשטעלט ווי ביי איין האז. אדאס קינד בין איך געווען. דענסטמאל זענען מיינע אויגען אויסגעעפענט געווארען אונ האב זיך אליין ריכטיג דערזעהן - דערזעהן זיך אונ האב זיך פערוואונדערט אויף דעם, וואס איך זעה. איינער אליין בין איך, קיין לעבעדיגער נפש איז ארום מיר נישטא

אחוץ הימעל פון אויבען אונ ערד פון אונטען. אונ באלד ווערט אַ רעש, א ברומערייי, דער קול קאטשעט זיך אוועק אין דער וויט אונ צעשיט זיך דארטען אין א סך שטארקע קולות, פייערדיגע שלאַנגען אונ ברענענדיגע מלאכים פליהען איבער'ן הימעל — דאָס איז דער רעש פון גאט'ס רייטוואגען, האב איך ביי זיך געקלערט. גאט דער הערשער רייט אויף די וואלקען, שמייסט מיט דער רוט אונ שיט פייער, אונ א זייל פון שטויב, שטרוי מיט שטעקענע צו זאמען הייבט זיך אויף פון דער ערד, דרעהט זיך, לויפט ארום אין לופט. אונ באלד גיט א גאָס אַ רעגען, אַ ווארימער דערקוויקענדיגער רעגען. גרויסע טראפענס רעגען קלאפען אין די געוויקסען פון די גערטנער, די גראזען, ציבעלעס אונ קנאבעל בייגען אָן די קעפליך אזוי ווי קינדער אויף זייער מוטערס שוים, אונ וואשען זיך מיט פערגעניגען. ריטשקעס וואסער לויפען, פון זיעבען ערטער הויבען זיי אן פליעסען אונ דערנאך ווערט פון אלע איין שטראמענדיגע וואסער, וואס מורמעלט לויפענדיג מיט אנ'אנגענעהם רוישען. אונ אט זעהט מען גאטס ראד, אגרויס שרעקליכע ראד אויפן הימעל, אבער נאר האלב זעהט מען איהם אן, אין דער געשטאלט פון א בויגען וואס אין וואלקען, שען עס איז א מחיה! אין מעריב זייט איז בעלויכטען, די זון איז דארטען פון נעפיל ארויס, ווי א חתן פון אונטער דער חופה, קוקט זי צו דער ערד—לייכט זי די ערד, ווינקט זי צו די וואלקענס — ווערען זיי רויט... דאס איז געוועזן מיין ערשטעס ערקענען זיך זעלבסט, גאט אונ זיין וועלט. מיט דונערען אונ בליצען האט זיך מיר דאס אלעס בעוויזען צום ערשטען מאל, אונ דער מענשליכער פערשטאנד איז מיר געקומען פון דעם שטורם. אויפ'ן טאוועל פון מיין הארצען איז אוים געקריצט זיין בילד, קיינמאל וועל איך עס נישט פערגעסען. דאס בילד אונ דער נאטורס שפראך האב איך דאמאלס פערשטאנען אונ געפיהלט אין הארצען ביי מיר — אין מיין קינדער הארץ. איך האב געהערט דאס רערען

פון די גראזען און גערטנער — געוואוכסע, דעם שיר וואס די פליעסענדע וואסערען זאגען, וואס עס קוואקעט דער פראש איינגעזונקען ביז האלב אין בלאטיגען זומפ און גלאצענדיג זיינע גרויסע אויגען — איך האב דאס גוט פערשטאנען, ווייל איך האב דעם פראש געענטפערט קוואקענדיג ווי ער. און אז איך בין געקומען צו אונז אין הויף אריין איז ארויס פון שטאל די קאלב און האט זיך געצוויגען, אראב געלאזט דעם קאפ און אויפגעהויבע דעם ווידעל און האט געמעקעט. ס'איז אויך ארויס די הוהן פון ערגיץ א ווינקעל און האט גענומען מיט איהרע הינדעליך זוכען אין מיסט, און דער האן געהט אויך האלטענדיג די קאפ נאך זיי נאך, געהט און שפרינגט צו, ווינקט מיט די אויגען און רייסט זיך אויפן האלז; אויך די קאץ האב איך געזעהען ארויסגעהענדיג פון אונטערן דאך, רייבט זיך אין דער וואנד, שפרינגט, מיאוקעט — און איך האב געוואוסט וואס זיי רעדען און האב יעדערן געענטפערט אויף זיין לשון: געמעקעט, געמיאוקעט און געפיפשעט אויף א הויך קול. איך האב נאר ניט געוואוסט, וואס בעדייט דער פאטש, וואס דער טאטע האט מיר געגעבען אויפן באק און פאר וואס האט די מאמע אנגעהויבען שרייען אויף מיר, אז זי האט מיך דערזעהן ביי דער טהיר א נאסען פון רעגען. וואס זיי האבען געוואלט און וואס ס'האט געוואלט דערנאך שפעטער מיין מלמד און אנדערע מענשען, האב איך גישט געקענט פערשטעהען...

רבי שלמה האט אונטערגעלעהגט דעם קאפ אויפן הענטיל פון שטוהל. פון זיין געזוכט און זיינע אויגען האט מען געקענט דערקענען, אז דאס הארץ אין איהם זיעדט, און מיר האבען געוואוסט פאר וואס. זיין לעבענס-וועג איז געוועזען פול מיט דערנער און שטיינער, ער האט זיך געדרעהט און געפיהרט אדויף צו די בערג-סקאלעס און אראבגעניעדערט אין טיעפע אבגרונדען. און אצונד עפענענד די פעקליך אלטע צרות און אנריהרענדיג מיטן פינגער אין די מכות וואס זענען נאך נישט

פערהיילט געווארען , טהוט דאס הארץ בעל כרחו וועה, שטארק
וועה. אונ דערנאך אז ער האט זיך בערוהיגט האט ער אנגעהויבען :

— איך וויל אייך איצט ענדיגען מיינע רעד, וואס געבטען
זענען זיי אין מיטען איבער־געהאקט געווארען . שוין לאנג הייגט
צווישען צוויי פעדער מיין געגנער אין מיין הארצען, אזוי ווי
מוחאמעד׳ס ארון הייגט, נאך דער לעגענדע, צווישען צוויי
מאגניטען. אין דער צייט ווען איינע ציהט צו דעם וואס איז
שוין געווען , האלט איהר די אנדערע אפ אונ ציהט זי צו דעם
וואס קומט איצט פאר. אונ א די צוויי דעות האלטען אין מיר
מלחמה , ווי צוויי קרעמער , וואס שלעפען איין קונה אונ יעדערער
פון זיי שענדעט דעם אנדערענס סחורה. די זאגט : זאל דיך
גאט היטען פון "דער נייע סחורה אונ פון די היינטיגע תכשיטים
וואס ביי יודען. וואס דו זעהסט איז מעהר נישט ווי בייקע.
א שערבעל וואס איז בעדעקט מיט זילבער , אנ׳אנגעבלאזענער
ליידיגער וואגעל, פון דרויסען באשמיערט אונ באציערט אונ
אינווענינ מיאוס אונ בלאטיג. ס׳איז נישטא קיין רעכטער
געענדיגטער טיפ וואס זאל האבען זיין אייגענשאפט, אלץ איז
ווי קינדער שפיעלעכליך , רעדען אסך , שרייער קלאפען אונ רוישען ,
נישט , וויל זיי דארפען עס, נאר דורך אויסווייניגסטע סבות. לאז
זיי אב אונ נעהם זיך בעסער פאר דעם אלטען , דאס איז אטייערע
כלי וואס די עלטערענס גייסט האלט זיך אין איהר נאך . . .
אונ די אנדערע שרייעט אונ זאגט : געה צו מיר ! זעה מיין
סחורה אונ האב נישט אין זינען דאס וואס איז שוין לאנג אוועק,
זאלסט נישט זיין קיין כישוף־מאכער וואס האט צו טהון מיט מתים,
אונ איבער דעם נאך ליידען אסך. וואס פיעל פון יודען לאזען
אוועק חיי שעה אונ האבען אין זינען צו פערגאנגענהייט , געהען
מיטן פנים אויף צוריק , זעהען נישט דעם וועג, פאלען אונ
זייער וועלט איז פאר זיי פינסטער. אין אלע זייער מנהגים — אין
דער היים , אין בית מדרש אונ זייער ליטעראטור־זענען זיי ווי
מתים , מותים בשעת זיי לעבען , אונ לעבען נאכען טוידט. דער

זד איז ערד און אש בשעת ער לעבט אין זיין שמאדט. און אז ער שטארבט שטעלט מען איהם צו זיין כבוד א שענע מצבה – און אלע מתים זענען הערליכע, גוטע און קלוגע; פון קליינע גראזליך ווערען טענען בוימער, א קליין פישעלע ווערט א לויתן אויפן בית עולם. ווי אזוי דאס איצטיגע איז נישט געענדיגט און נישט שיין ווי מען דארף, סוף סוף איז עס דאך דער עיקר לעבען, און דער מענש וואס עסט און טרונקט און פיהלט אזוי ווי אלע לעבעדיגע, איז נישט פטור פון דער מלאכה צו צורעכט מאכען ווי ווייט ער קען דאס לעבען, עס זאל פון זיינעט וועגען אויך פערבעסערט ווערען, און בעל כרחו דארף ער ארבייטען אין דרינגען גלייך מיט אלע.

– ווארט אביסעל – האט געזאגט רבי שלמה, זעהענדיג אז מיר ווילען איהם איבערשלאגען – איך וויים, אז איהר ווילט מיר אזא זאך זאגען: יעדערע פון די צוויי דעות בעזונדער האט קיין רעכט נישט, ווייל יעדער פון ביידע, ווי אלסדינג וואס איז איינזייטיג, דערווייטערט זיך צו איינעם פון די צוויי עקען, וואס יעדער זאך אויף דער וועלט האט, און אקלוגער פיעלזייטיגער מענש מאכט אפשרה צווישען זיי. אבער דאס קען נאר א גרויסער חכם און גרויסער גאון אדער פארקעהרט: דאס טהוט אויך אדער וואס האט גאר קיין שכל נישט, וואס פיהלט גאר נישט, א מענש וואס טהוט אלעס, ווי א טאג ארבייטער, און קלייבט גאר נישט, איהם איז קיין חלוק נישט צו ארבייטען מיט לעהם און ציעגעל אדער קראצען און זוכען אין מיסט, וואס איז איהם דער חלוק: קארן אדער שטרוה, צו א פעקעל טיעכעל און אפעקעל ספרים? איהם איז אלצאיינס, אבי ער זאל ארבייטען און בעקומען געצאהלט. איך אבער בין פון די מיטעלסטע, וואס נעהמען זיך צו דער ערשטער ארבייט, וואס קומט זיי צו דער האנד, און אט די ארבייט, צו וועלכער זיי נעהמען זיך שוין, איז שוין זייער שטענדיגע ארבייט, זיי פערנעהמען זיך שוין מיט איהר ביז זייער עלטער. אחוץ דעם

איך בין זיך מורה פאר אייך — בין איך במבע אפוילער, איך גיב מעהר אכטונג אונ בעקוק, איידער איך טהו עפעס; איך טראכט מעהר ווי איך ארבייט, אונ אז סטרעפט עפעס א עכוב אין מיין ארבייט בין איך זי מיט שמחה מפסיק. אונ דערפאר אז די דעות אין מיר זענען צוטהיילט אונביידע שלעפען מיין פען צו זיך, די זאגט זי איז אין גאנצען מיינע, אונ די זאגט זי איז אין גאנצען מיינע, האב איך געפסק'נט די הלכה, אזוי ווי דער מאן דאמר, אז ס'זאל ליעגען ביז אליהו וועט קומען. אונ פלוצים קומט דער... דער בחור אין שטורט אונ האט מיך אוסגעקעהרט צום פערגאנגענהייט, מיין גייסט שוועבט יעצט אין מיין יוגענד — וועלט. אלט אונ זאט מיט צרות, מיט א האריץ וואס איז פערוואונדעט פון הארמאטען — קוילען אין לעבענס מלחמה, מיט א שווערען נסיון בין איך צוריק געקומען צו מיין יוגענד־וועלט, אונ דער דמיון, ברייגנט מיר אויף מיט כשוף, אזוי ווי די כשוף־מאכערין שאול המלך'ן, אלערליי צורות אונ געשטאלטען אונ בילדער אונ אלערליי משונה'דיגע זאכען, אונ זיי געהען אויף אונ קוקען אויף מיר מיט כעס; ווייל זיי ווייסען גוט צוליעב וואס איך קוק צו זיי איצט, אונ אויף וואס איך דארף זיי — זיי ווייסען, אז איך קום זיי נעהמען אונ אויסשטעלען זיי אז יעדערער זאל אין זיי קוקען. אט די וועלט מיינע איז, אז אָח אונ וועה, זעהר אקליינינשקע. דארטען בליהען נישט קיין מילגראמען, אונ קיין רויזען, דארט איז קיין שמחה ניטא אונ מען הערט קיין קול פון פרייד נישט, ס'פליעסען דארט נישט קיין טייבען האניג אונ פוטער. די מענשען זענען דארט פראסטע יודען מיט בערד אונ פאות אונ לאנגע קאפעטעס, מאגערע, דארע אונ ארימע, איינגעבויגענע אונ דערשלאגענע, ציטערען, אונ פלאטערן אונ קיין ליכט איז ביי זיי נישטא. מיר איז זעהר וועה, רבותי, צו שלעפען א די אויסגעדארטעביינער אונ מטריח זיין, די בעגראבענע, זיי זאלען אליין ארויסגעהען אויף דער סצענע, אונ ווער ווייסט צו זיי וועלען נאך געפעלען

ווערען? אסך פון אונזערע ברודער האבען איצט שטארק צער איבער זייער גאז, וואס איז מכריז אונ מודיע: דאס זענען יודישע קינדער! אונ ווען זיי זאלען נאר קענען וואלטען זיי איהם פערביטען אויף אנ׳אנדערן – אונ דא טראגט פלוצלונג אן דער ווינד יודען פון ערגיץ ווינקעליך, אלטע יודען מיט אלע פרטים מיט תרי״ג משונה׳דיגע זאבען, וואס זענען שוין לאנג פון דער מאדע ארויס, מען זאל זיי בפרהסיא מבייש זיין. ניין, ברודער, איך מאך איצט קיין חוזק נישט, איך זאג אייך אזאך מיט א טעם, אז פריהר פלעגען זיי מיך טרויריג מאכען אונ איבער זיי פלעג איך זיפצען פערזארגט אונ אסך טראכטען, אונ אין דער אמת׳ן וואס קאן איך דערצעהלען פונ׳ם לעבען אין יענע דורות? גרויסע, נייע זאכען! נישט איך אונ נישט מיינע עלטערן האבען נישט פער׳חדוש׳ט די וועלט מיט אונזערע מעשים. דוכסען, גראפען אונ קעמפער זענען מיר נישט געווען; קיין ליעבעס מיט מיידליך האבען מיר נישט געפיהרט; שלאגען זיך איינס מיט דעם אנדערען ווי צאפעס אדער זעהען יענעמס בלוט אויף א דועל האבען מיר נים געפרואווט; ווי אזוי מען טאנצט מיט בתולות אויף שמחות האבען מיר נישט געוואוסט: אויף יאגד זענען מיר אין פעלד אונ אין וואלד נישט געגאנגען, אין עק וועלט אריין זענען מיר נישט געפאהרען אונ נייע אינזלען האבען מיר נישט ענטדעקט, קיין אקטיארען זענען מיר נישט געוועזען, אויף זינגערעס אונ זינגערעס אונ אויף אנדערע הענוגים האבען מיר קיין געלד נישט אויסגעגעבען. קורץ, אלע באפיצונגען פון א מעשה, וי זאל אונטערסירען דעם לעזער, זענען ביי אונז נישטא, דערפאר זענען ביי אונז: דא א חדר מיט מלמד מיט א בעלפער, שדכנים אינ חתנים אונ כלות, קינדער אונ ווייבער, יבמות אונ עגונות, אלמנות אונ יתומים, נשרפים אונ יורדים, אלערליי וואס געהען ארום איבער די הייזער: אין יום טובים, אין ראש־חדשע׳ן אונ אלע טאג, בטלנים אונ גבאים, מקבלים אונ פושקעס פון צדקה, אלערליי פורעניות, אלערליי דלות אונ עניות אונ אביונות אונ

אלערליי משונהדיגע פרנסות. דאס איז אונזער לעבען, אז אַח און וועה! אַ פינסטער לעבען, וואס אִי קיין פארגעניגען אִי קיין צרות זענען דרינען נישטא. א לעבען אהן שיין און אהן ליכט, אַ לעבען וואס האט א טעם וויא ברויט אהן זאלץ און אהן צוביישעכטס.

— איהר האט א טעות — האבען מיר אַ קעגען געטענה'ט — און זאל אפילו טאקי זיין אזוי ווי איהר זאגט, אז דאָס יודישער לעבען איז א פארעוועט, דער פאר האט יעדערס א בעזונדער טעם. ס'איז פערהאן אַ מין קעז, וואס מענשען קענען איהם נישט עסען, אבער די וואס האבען א געפיהל אין עסען, זוכען איהם און עסען מיט גרויס אפעטיט. דאס ביטערקייט פון אונזער לעבען איז טאקי זיין שֶׁבַח, און די וואס פערשטעהען, געפעלט עס זיי בעסער איידער דאס זיעסקייט, וואס ווערט אמאל אזוי נמאס, אז ס'גליסט זיך ברעכען. קארשען איז אַ געשמאקער מאכל נאר פאר קינדער. דאס יודישע לעבען האטש פון דרויסען ווייזט ער אוים מיאוס, שווארץ ווי א שמאטע, איז פון אינווענינ שיין. א גרויסער גייסט איז אין אזא לעבען, גאט'ס גייסט בלאזט תמיד אין איהם און הייבט אין איהם חוואליעס, ער זאל איהם ריין מאכען פון מיאוסקייט און פארפוילטקייט. די שטורמען און בליצען, וואס קומען אן צייטענס אויף יודען, מאכען זיי ריין און בעניי֘ען זייער כח. — דאס יודישע פאלק צווישען די אומות העולם איז ווי דיאַגען, דער קאפ זיינער איז אין הימעל, טראכט וועגען גאט, און ער אליין וואהנט אין אַפּאַס, וואס איז די גרייס אין גאנצען פיער אֵיילען. אונטער א בערגעל מיסט אין חדר, אין ישיבות און אין בתי מדרשים פלאקערט דער פלאם פון תורה, און שיקט ליכט און ווארמקייט צווישען גאנצען פאלק, און אלע אונזערע קינדער, די קליינע מיט די גרויסע, לערנען און קענען אין די קליינע אותיות. אזא לעבען פאסט טאקי עס זאל בעשריבען ווערען.

— אבער זאלל זיין ווי איהר מיינט — האט געענטפערט רבי

שלמה – דאס אבער איז קעגען דאס 'לעבען פונ'ם גאנצען פאלק בכלל, אבער וואס איז מיין לעבען אליין און וואס פאר אַ נייעס איז אין איהם דא, ס'זאל כדאי זיין, מען זאל עס בעשרייבען? וואס מיט מיר האט געטראפען האט געטראפען מיט נאך טויזענדטער פון אונז, און די גאנצע זאך איז אלט און געוואהנליך, אין דען פערהאן נאך א אומה אויף דער וועלט, וואס איהרע קינדער, זינד זיי ווערען געבארען ביז זיי שטארבען, זאל זייער לעבען זיך ציהען, ווי ביי אונז, אויף איין נוסח? דאס אויסוואקסען, ערציהונג און לערנען, דאס דאוונען און דער ניגון צו יעדער זמר, צו יעדער פיוט, צו יעדער סליחה, אלעס האט זיין געוויסען נוסח, און אפילו עסען און טרונקען האבען איין נוסח. האט זיך געטראפען צו ס'האט זיך געהערט אזא זאך, אז אין אַ געוויסער שעה, פרייטיג צו נאכטס, למשל, זאלען אלע עסען פיש, לאקשען און צימעס? שבת אין דער פריה רעטעך און פעטשא, לעבער מיט ציבעלעס און אייער, און פערטרוקענטע קאשע מיט א גרויסען ביין אין איהר. אין דעם טאג קרעפלעך, אין יענעם טאג חלה מיט מאהן, אין יענעם טאג געלע חלה מיט זאפערען. ווען איינער הייבט אן זאגען „כל מקדש" אדער ער שרייעט „חי וקים" אין שפאניא, הערט זיך דער זעלבער ניגון און דער זעלבער קול אויך אין ארגענטינע, וואס אין עק וועלט. מיר זענען א צבור פון מילבען, וואס אלע זענען גלייך, אין זא אלאגיע איז דא אבעזונדער פרק וועגען דעם מין מילבען בכלל, אבער נישט וועגען יעדער בעזונדער.

– אין פלוג איז דא עפעס א ממש אין דיינע רעד – האט די חברה געענטפערט – דער לעבען פון יודען זעהט טאקי אויס גלייך ווי ער האט נאר איין נוסח. אזוי ווי דער מילבען־נוסח, אבער אין אמת איז צווישען זיי אגרויסער חלוק. דער מילב הייסט מען און זי טהוט איהר חוב אזוי ווי די איבריגע מילבען און זי געהט נישט אוועק פון צבור אפילו אויף אנ'האר. ביי מענשען קען דאס

אבער נישט זיין. איין מדה, וואס ליעגט אין טבע פון אסך מענשען, בעקומט אבער ביי יעדערן פון זיי אנ'אנדער אויסזעהען, יעדערער איז זי מקיים ווי איהם געפעלט, אנדערש ווי דער צווייטער, יעדערענס מענשענס טבע דערקענט מען אין רעדען, אין שמייכיל, אין ווינקען מיט די אויגען, אין געהען, אין עסען און אין טרונקען, חאטש די אלע זאכען האט גאט אלע מענשען געגעבען. און נאך מעהר ווערט דער מענש דערקענט אין זיין סגנון: איין זאך קומט, ביי איין שרייבער ארויס אזוי, און ביים צווייטען — אנדערש, און מיט איין סגנון שרייבען דאס נישט אן קיין צוויי שרייבער... אומזוסט אייער טענה'ען, רבי שלמה! איהר מוזט שרייבען אייער לעבענ'ס ערצעהלונג!

— איך מוז פאר זיך אליין, אבער נישט פאר יענעם — האט רבי שלמה געוואלט זיך ווי ס'איז ארויסדרעהען — איך בין מוסכם שרייבען פאר זיך אליין און דאס געשריבענע וועט ליגען ביי מיר, זיי זאלען מיך דערמאהנען אין פערגאנגענהייט.

— ניין, רבי שלמה! — האבען מיר אלע געשריגען — שרייבען און דרוקען! — לאמיר שוין ענדיגען דעם חשבון, — האט רבי שלמה געזאגט מיט א פיינעם שמייכיל אויף די ליפען — געהט רעכענט אויס אלע ל"ט מלאכות פון א יודישען מחבר: שרייבען און צונויפנעהמען פראנומעראנטען און הסכמות; דרוקען און מגיה זיין און אויסלערנען דעם בחור הזעטצער, און מאכען א לוח־הטעות גרויס ווי די צאהל ווערטער אין בוך; ארום געהען איבער די הייזער *) און צו טהיילען די ספרים, ניעדריג מאכען זיך פאר א קל שבקלים און וויסען ווי אבצוענטפערען דיא קמצנים און ביטען זיך און בוקען זיך צו ליעב מעשענע פרוטות, לכבוד גאט און לכבוד דער תורה, צוליעב דעם הייליגען לשון און צוליעב כנסת

---

*) עס פערשטעהט זיך אז דער געעהרטער מחבר מיינט דא די אזאליגע „מחברים" היינט גילט עס שוין ניט... דער איבער.

ישראל; געבען אסך ברכים בעקענטע אונ מוכרי ספרים אויף בארג ביז משיח וועט קומען; אונ נאך אלעמען פארקויפען וואס איז געבליבען פאר פאפיער-פערציגע פונט א קאפיקע. ניין, ברודער, איך טויג נישט צו אזויגע ארבייט!

– האט איהר דען פערגעסען, אז ס'איז פערהאן א מענדעלי מוכר ספרים אויף דער וועלט, אונ לבטלה האט גאט נישט בעשאפען! – האב איך זיך אנגערופען מיט גאוה ווי אבר סמכא. – אונ איהר זייט מיר מוחל, האט נאך נישט געענדיגט די צאהל פון אלע מלאכות. דעם חילוף האט איהר פערגעסען, דאס מיינט מען דעם גלגול, וואס יודישע ספרים ליידען, בעונותינו הרבים. עמעצענס אספר ווערט מגולגל אין א תחנה פון שרה בת טובים, די תחנה ווערט מגולגל אין א קינה, די קינה אין א מעשענע מנורה, די מנורה אין א שופר, דער שופר אין א סליחה אונ א מחזור, זיי אין א צאהן פון א פוקס, אין אכל־בו אונ א טלית קטן, אונ אזוי ווערען זיי מגולגל אגלגול נאך א גלגול ביז זיי ווערען צופליקט, צוריסען, אונ ווערען שמאטעס. אונ ס'איז פערהאן נאך א מין חבורים, וואס פאר זייערע מחברים'ס זינד, ליגען זיי חי שטיינער רחמנא ליצלן, אונ האבען קיין שום תקנה נישט, נאר מען זאל פון זיי מאבען כלים צום שפייען. מען טאר אבער נישט שפייען אויף שמות... נעהמט שרייבט, רבי שלמה, אונ וואס נאכ'ן שרייבען נעהם איך שוין אויף מיר. דער גאנצער ענין איז באמת מן השמים. זעהט, אז איך בין אויך אריין צו אייך מיט א שטורם.

רבי שלמה האט געשוויגען אונ האט מיר פריינדליך געדרוקט די האנד, ווי איינער זאגט: איך מוז שוין טהון וואס איהר ווילט!

**איבערזעצט דורך ש.**

פערלאג „פראגרעסס“ ווארשא

# די נייעסטע ווערק

פון דעם באליעבסטען און פאפולערסטען שריפט־שטעלער

# שלום עליכם.

אין די ווערק קומען אריין די בעסטע און נייעסטע ערצעהלונגען, פעליטאנען, הומארעסטקעס און דראמעס וואס ער האט פיר די לעצטע צייט געשריעבען אין פערשיעדענע זשורנאלען אויך וועלכע זענען נאך אין אייראפא ניט בעקאנט.

צו די שריפטען ווערט צוגעלייגט דאס נייעסטע בילד פון אויטאר.

---

פראכט אויסגאבע און איללוסטרירט.

Книгоиздательство „ПРОГРЕССЪ“
Я. ЛИДСКІЙ, Варшава, Налевки 36. (Телефонъ 61-63.)